י. בן־צבי (אבנר):

# די אַראַבישע בעוועגונג אין ארץ ישראל



אַרויסגעגעבען פון דעם
פועלי-ציון פערלאַג
153 איסט בראָדוויי
ניו־יאָרק

1921 — התרפ"ב

# עטליכע ווערטער פון די אַרויסגעבער

די פאָלגענדע בראָשור קומט צו די אידישע מאַסען אין דער ריכטיגער צייט.

די אַראַבער־פראַגע איז די וויכטיגסטע פּאָליטישע שוועריגקייט, וואָס מיר באַגעגענען אין אונזער פּאַרזוך אויפצובויען אין ארץ־ישראל אונזער נאַציאָנאַלע היים. די באַציהונג אין דער אידישער וועלט צו דיזער פראַגע איז ביז איצט באַשטימט געוואָרען לויט דער שטעלונג פון יעדען עלעמענט אין אידישען פאָלק צום ציוניזם. און ווייל דער ציוניזם אי זפאַר די לעצטע 24 יאָהר דער אַקס, אַרום וועלכען עס דרעהט זיך דאָס פּאָליטישע דענקען און טראַכטען פון דער פּאָליטיש־פּאַראינטערעסירטער אידישער באַפעלקערונג; ווייל אין די לעצטע 24 יאָהר האָט יעדער דענקענדיגער איד געמוזט שטעלונג נעמען — פאַר אָדער געגען — צום ציוניזם; ווייל די וויכטיגסטע ערשיינונגען אין דער עפּאָכע, וואָס מיר לעבען איצט דורך, דרעהען זיך אַלץ אַרום ציוניזם אין ארץ־ישראל, — דעריבער איז די אַראַבישע פראַגע ביי אונז אויפגענומען געוואָרען מיט'ן סענטימענט, מיט'ן געפיהל און ניט ווי אַ וויסענשאַפטליכע פּראָבלעם.

האָבען געגנער פון ציוניזם איבערגעשאַצט די שוועריגקייט פון דאָס אַראַבער פּראָבלעם. זיי האָבען איהר פאָרגעשטעלט ווי אַן אוממעגליכער פּראָבלעם, ווי אַ שטיין אין וועג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל, וואָס קאָן בשום אופן ניט באַזייטיגט ווערען:

און אַנהענגער פון ציוניזם האָבען אונטערגעשאַצט די שוועריגקייט פון דאָס אַראַבער פּראָבלעם. אייגענטליך האָט מען געוואוסט, אַז די

אראבישע פראגע איז שווער צו לעזען. אבער מען האט עס אלץ דוחה געווען. פיעל, צוליב דיה לצרה בשעתה. און אנדערע האבען אין זייער אייגענע נשמה פארטווישט די פראגע מיט זייער שטארקען בטחון, אז ווען עס וועט קומען דערצו, וועט גאט א גוטער זיין און ער וועט אנווייזען דעם וועג.

נון איז איצטער געקומען די צייט. גראד איצט, ווען דער פראצעס פון בויען אונזער נאציאנאלע היים האט זיך אנגעפאנגען, שטעהט אויף דאס אראבישע פראבלעם אין איהר גאנצער גרויס און פארדערט אן ענטפער.

פאר די געגנער פון ציוניזם איז עס א שמחה. זיי דארפען די פראגע ניט שטודירען. זיי באנוגענען זיך מיט אן „איי טאלד יו סא“. מיר האבען אייך פריהער געווארענט, הייסט עס. און צוליב זייער געגנער־שאפט צום ציוניזם כאפען זיי זיך אן אן יעדער אנטי־אידישער, אראבישער באוועגונג, נעמען אן די אראבישע אריענטאציע, עס געהט אזוי ווייט, אז ווען אפילו עס האבען אויסגעבראכען פאגראמען אין ארץ־ישראל האט מען צווישען אייגענע מענשען געזאגט: וואס זיינען זיי געקראכען אהין?

פאר די פריינט פון ציוניזם, פאר די ברייטע אידישע מאסען, וועלכע זיינען מיט לייב און לעבען פאר א אידישער ארץ־ישראל, פאר זיי ענטשטעהט איצט די נויטיגקייט דאס אראבישע פראבלעם צו שטודירען. אונזער פאלק וועט זיין נאציאנאלע היים מוזען בויען אין דער סביבה פון די ארץ־ישראל־דיגע אראבער. מיר וועלען מיט זיי מוזען צוזאמען לעבען. מוזען מיר זיי קענען. מוזען מיר וויסען וואס זיי שטעלען מיט זיך פאר. ,

פון וואנען קומען זיי? ווער זיינען זיי? שטעלען זיי מיט זיך פאר אן איינהייטליכע באפעלקערונג לויט נאציאנאליטעט? שטעלען זיי מיט זיך פאר א האמאגענע מאסע לויט רעליגיאן? און וואס שטעלען זיי מיט זיך פאר עקאנאמיש? און וועלכע האפענונגען ליגען אין זייערע הערצער?

דאס אלץ מוזען מיר וויסען. דאס אלץ גיט אונז די פארליגענדע בראשור. זי גיט אונז נאכמעהר. אין קורצען מאכט זי פאר אונז

קלאָר די באַציהונג פון די פאַרשידענע עלעמענטען פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל צו די פאַרשידענע סאָרטען פּאָליטישע פאָדערונגען, וואָס זיינען אין זייער נאָמען געמאַכט געוואָרען. די בראָ־שור דערצעהלט אונז, וואָס די אַראַבער פון ארץ־ישראל דענקען וועגען דער פאָדערונג פון אַ פאַראייניגטער סיריען; וועגען די פאָדערונגען פון די עלעמענטען, וועלכע האָבען זיך אַליין ערקלערט אין חיפה אַלס פאַר־שטעהער פון די אַראַבער און האָבען זיך אפילו אָנגערופען — אַראַבישער קאָנגרעס.

דיזע אַלע וויכטיגע פראַגען פאַרהאַנדעלט די פאַרליגענדיגע קליינע בראָשור. זיי ווערען פאַרהאַנדעלט פון חבר בן־צבי, וואָס אַחוץ זיין וויסענשאַפטליכען באַגאַזש האָט ער אין זיין בראָשור אריינגעגעבען 15 יאָהר פון פערזענליכער ערפאַהרונג; 15 יאָהר פון דער ערפאַהרונג פון אַ מענשען, וואָס האָט מיט אַ וויסענשאַפטליכער מאָס געפאָרשט די פראַגען און וועלכער האָט מיט אַ וואַרימער הארץ זיך באַצויגען צו זיי.

דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואָס דער פועלי־ציון פאַרלאַג האָט געפונען פאַר נויטיג צו איבערזעצען די בראָשור אין אידיש און פאַר־שפּרייטען זי צווישען וואָס ברייטערע מאַסען, דערפאַר האָבען מיר אויך איהר פרייז געשטעלט אַזוי נידריג. מיר ווינשען פון גאַנצען הארצען אַז די בראָשור זאָל זיך געפינען אין יעדער אידיש הויז און זאָל אויפ־מערקזאַם געלעזען ווערען פון יעדען אידען, וואָס לייענט אידיש.

דער פועלי־ציון פאַרלאַג האָפט פון צייט צו צייט ארויסצוגעבען נאָך אַזעלכע בראָשורען. מיר ווילען האַלטען דעם אידישען עולם אינ־פאָרמירט וועגען אַלעם וואָס קומט פאָר אין ארץ־ישראל. די ברייטע אידישע מאַסע, הויפטזעכליך די אידישע אַ ר ב י י ט ע ר מאַסע, וועט טאָן זעהר אַ גוטע און נוצליכע זאַך, ווען זי וועט אונז העלפען די דאָזיגע בראָשור, ווי אויך די נאָכקומענדיגע, פאַרשפּרייטען.

ווייל בנוגע אַלע פראַגען וואָס זיינען שייך צו ארץ־ישראל מוזען מיר אָננעמען די מאָטאָ: אַלץ צו וויסען. אַלץ צו פאַרשטעהן. קיינמאָל זיך ניט פאַרלאָזען אויפ׳ן צופאַל. וואָרים צו טיעפע און הייליגע אינטערעסען שטעהען אין קאָן.

פון דער אויפנאהם וואס די ערשטע בראשור וועט קריגען איז נאטירליך אפהענגיג דאס ערשיינען פון די נייע בראשורען. די ארויס־געבער האפען, אז די אויפנאהם פון חבר בן־צבי׳ס בראשור וועט זיין אזא ווארעמע און הארציגע ווי זי פארדינט לויט איהר ערנסטקייט און איהר מהות.

די ארויסגעבער.



.1

ערשט מיט איינציגע יאהר צוריק איז עס געווען א „געהיימע פראגע“, וואס נאר יחידי סגולה האבען זי באגריפען און זיך פארטראכט וועגען איהר און איצט איז זי געווארען א סענסאציאנעלע טעמע, מיט וועלכער אלע פארנעהמען זיך. אונזער גאנצע פרעסע, אין ארץ־ישראל און אין חוץ־לארץ, גיט אפ פיעל פלאץ פאר „אראבישער אינפארמאציע“ און יעדער ארטיקעל, וואס ערשיינט אין אן אראבישער צייטונג און האט א שטיקעל שייכות צו אונז, ווערט באלד איבערגעדרוקט אין אונזערע צייטונגען, און לויט די דאזיגע ידיעות, קומט אויס אז אין ארץ־ישראל איז דא א שטארקע אראבישע באוועגונג, וועלכע איז מיט איהר גאנצער קראפט געווענדעט געגען אונז. צוליב'ן גאנצען טומעל געהען מיר אזוי ווייט צו פארגלייכען די אראבישע באוועגונג מיט די פאלקס־באוועגונגען, וועלכע זיינען אונז באקאנט פון אנדערע לענדער און אנדערע פעלקער און מיר שפינען ווייטער דעם פאדעם, באשאפענדיג דעם פאלשען איינדרוק, אז די אראבישע באוועגונג האט אונטער זיך א פעסטען פאלקס־פונדאמענט, אז איהרע פארדערונגען וואקסען ארויס פון די אינטערעסען פון די ארבייטענדיגע אראבישע מאסען און אז דאס איז אין אמת'ען א באוועגונג פון פרייהייט און מענשליכען פראגרעס.

און ניט נאר דאס, מיר האבען שוין אפילו זוכה געווען צו האבען אידען פון א ספעציעלער אראבישער אריענטאציע, פונקט ווי מיר האבען איבערגענוג אידען פון פוילישער אריענטאציע, אוקראינישער, רוסישער א. א. וו. אט די דאזיגע טיפען טראכטען אויס אויף דער אידישער נאציאנאלער פרייהייטס באוועגונג און אויפ'ן ציוניזם בכלל א בלבול, אז זיי זיינען געשאפען מעהר ניט צוליב דעם ווי צו זיין א מעקלערין פאר'ן אייראפעאישען אימפעריאליזם, צו דערשטיקען די פרייהייטס באוועגונג פונ'ם אראבישען פאלק און דער גאנצער ציעל זייערער איז צו פארשקלאפען און צו אויסבויטען די ברייטע ארבייטענדיגע אראבישען מאסען.

אזוי רעדען מענשען און קומען צו שלוסען ניט אויפ׳ן גרונט פון ווירק־ליכער באקאנטשאפט מיט דער זאך, נאר פשוט ווייל זיי האבען זיך זייער גאנץ לעבען איינגעלעבט מיט דער פסיכאלאגיע פון א קנעכט, וועלכער האט שוין פארלוירען די נאטירליכע פעהיגקייט פאר אייגענער אריענטאציע. דעבאטירען מיט די „ראפעס־עס" און די „מייערסאנס" איז אין גאנצען נוצלאז. עס איז ניט ווערט אויסצוברייגען צייט אויף דעם. אבער ארייגצוברייגען קלארקייט אין דער פראגע פון דער ארא־בישער באוועגונג און איהר קולטורעלער און נאציאנאלער באדייטונג איז נויטיג ניט צוליב זיי, נאר ערשטענס צוליב אונז אליין, און צווייטענס צוליב אונזערע חברים אין חוץ־לארץ. מיט דעם ניט־אידישען פאלק, וואס לעבט אין ציון, לעבען מיר און ארבייטען, מיט איהם בא־געגענען מיר זיך טאג־טעגליך און צוזאמען מיט דעם פאלק דארפען מיר זיך זארגען פאר׳ן אויפבוי פון אונזער לאנד. און מיר דארפען דארום קלאר מאכען זיך אונזערע באציהונגען צו די דאזיגע איינוואוינער פון לאנד, מיט וועלכע מיר זיינען פארבונדען מיט ממשות־דיגע אינטערעסען פון איין פאטערלאנד און א געמיינזאמער צוקונפט.

ניט צוליב דעבאטען און נצחונות איבער אונזערע געגנער דארפען מיר זיך פארנעהמען מיט דער פראגע, נאר כדי קלאר צו מאכען זיך אליין די לאגע, פונקט ווי עס איז וויכטיג קלאר צו מאכען זיך יעדע נאציאנאלע און סאציאלע פראגע, וועלכע מען וויל פארשטעהן גריגנט־ליך און אביעקטיוו. און צוליב דעם דארפען מיר זיך קלאר מאכען דעם צוזאמענשטעל, דעם בוי פון די קלאסען, וואס זיינען ספעציפיש פאר דעם סאציאלען ארגאניזם, וועלכען מיר באטראכטען, און פעסט־שטעלען די אורזאכען, וואס זייער השפעה און זייער ווירקונג באשטימען די באציהונגען, וועגען וועלכע מיר רעדען.

און אז מיר טרעטען צו מיט אזא מאס צו דער ארא־בישער באוועגונג, דערוועקען זיך ביי אונז אזעלכע פראגען: וואס איז אזוינס די אראבישע בעוועגונג אין ארץ־ישראל; וואס איז איהר געשטאלט און וואס זיינען איהרע שטרעבונגען; ווער זיינען איהרע טרעגער און אויף וואסערע פאלקס־שיכטען און עקאנאמישע אינטערעסען שטיצט זי זיך? אז מיר וועלען זיך קלאר מאכען אט די פראגען, וועלען מיר קענען באגרייפען די ווערט און די וויכטיגקייט פון דער דאזיגער באוועגונג. די שלוסען, וואס מיר

וועלען ציהען פון דעם, וועלען אונז דינען אַלס נויטיגער מאַטעריאַל פעסטצושטעלען אונזערע באַציהונגען צו דער באַוועגונג.

די אַראַבישע באַוועגונג שטעהט פאַר אונז אין אַ באַשטימטער און באַגרעניצטער מאָס. זיי שטעהט פאַר אונז בלויז ווי אַ לאָקאַלע פראַגע, אַן ארץ־ישראל'דיגע. דאָס איז ניט קיין אַלגעמיינע אַראַבישע פראַגע, דאָס איז ניט קיין פאַן־אַראַבישע פראַגע, נאָר אַ פראַגע פון די אַראַבער, וואָס וואוינען אין ארץ־ישראל, וועלכע איז אין איהר איצטיגער פאָרמע אַנטשטאַנען ניט לאַנג, איבערהויפּט נאָך דער וועלט־מלחמה.

וואָס איז שייך דער פאַן־אַראַבישער באַוועגונג, איז נאָך מיין מיינונג האָט זי בכלל קיין פּלאַץ ניט אין דער ווירקליכקייט. די שבטים, וואָס רעדען אַראַביש, זיינען ניט פון איין פאָלק און איין אָפּשטאַמונג, ניט אין דער פאַרגאַנגענהייט און ניט אין דער געגענוואַרט. זיי האָבען קיין נייגונג ניט זיך צו פאַראייניגען. די אַראַבישע שפּראַך, וואָס איז געבאָרען געוואָרען און געשאַפען געוואָרען פון אַ געוויסער סעמיטישער ראַסע, וואָס איהר אורשפּרונג איז אויפ'ן אַראַבישען האַלב־אינזעל, האָט זיך מיט דער צייט פאַרשפּרייט, מיט דער הילף פון די טערקיש־מוסולמאַנישע ערָאָבערונגען, איבער גאַנץ מזרח־אַזיע, צפון־אַפריקא און אַ טייל פון דרום־אייראָפּאַ. די דאָזיגע קולטור האָט פאַרשפּרייט איהר הערשאַפט איבער פיל פעלקער און פאַרשיידענע ראַסען.

אין משך פון 700 יאָהר האָט דער אַראַבישער שטאַם געהערשט מיט אַן אומבאַשרענקטער הערשאַפט איבער לענדער און קולטורען פון פערסישען ביז די ברעגען פון אַטלאַנטישען אָקעאַן. און זיין רעליגיעז־קולטורעלע הערשאַפט איז נאָך ווייט אריבער די אַנגעצייכענטע גרעניצען און האָט זיך באַפעסטיגט אין דער מאָנגאָלישער, טאַטערשער, קאַווקאַזער און מאַלאַיער ראַסען. אין סוף פונ'ם 15טען יאָהרהונדערט איז געקומען אַ סוף צו דער אַראַבישער הערשאַפט, צוויי פאַרשיידענע כחות, וואָס האָבען געווירקט אין איין און דער זעלבער צייט אויף צוויי עקען פון דער וועלט, האָבען אונטערגבעראָכט די אַראַבישע הערשאַפט: די שפּאַנישע אויפ'ן מערב־דרום פון אייראָפּאַ און די טערקישע שבטים, די סאַלדזשוקען און זייערע הערשער אויפ'ן מזרח. פון דעמאָלסט אַן זיינען איבערגעגאַנגען כמעט אַלע אַראַבישע לענדער צו דער טערקישער

הערשאפט און נאר א קליינע מינאריטעט האט זיך נאך א לענגערע צייט געהאלטען ביי דער פרייהייט ביז זי איז איינגענומען געווארען פון די איירא͏פעאישע רעגירונגען. נאר איינציגע אראבישע שבטים, וועלכע וואנדערען איבער די שטרעקעס פון זייער אפשטאם־לאנד, האלטען זיך נאך אומאפהענגיג ביז אויפ׳ן היינטיגען טאג.

די אראבישע הערשאפט האט אין איהר שטארקייט און אין דער טיפקייט פון איהר ווירקונג פיל איבערגעשטיגען די גריכישע און רוימישע הערשאפטען, וואס זיינען געווען פאר איהר און האבען איבערגעלאזט א שפור אין דער געשיכטע. מיט איינס זיינען זיי גלייך: די אראבישע הערשאפט האט, ווי די גריכישע און די רוימישע, באזיגט די גאנצע וועלט ניט בלויז מיט דער שווערד און מיט׳ן שפיז, נאר אויך מיט איהרע אינסטיטוציעס, שפראך, זיטען און אין א גרויסער מאס אויך מיט דעם, וואס זי האט ארויפגעצוואונגען אויף די אונטערגעיאכטע פעלקער איהר רעליגיע. איבערהויפט האבען די אראבער אין דער הינזיכט פון ארויפצווינגען זייער רעליגיע און שפראך פיל איבערגעשטיגען די פריהעריגע באהערשער פון דער וועלט, די גריכען און די רוימער. עס איז שווער צו זאגען, צי עס איז אמת די קריסטליכע לעגענדע, וואס דערצעהלט, אז די אראבער, די עראבערער פון סיריע און ארץ־ישראל, האבען זיך דערוועקט צו רעדען מיט זייערע קינדער גריכיש, אבער עס איז א פאקט, אז די אראבישע שפראך האט מיט א מערקווירדיגער שנעלקייט באהערשט די עראבערטע לענדער און האט געמאכט פארגעסען אלע סעמיטישע שפראכען ווי אראמיש, סיריש און די העברעאיש־כנעני׳ישע שפראך, וועלכע איז געווען די אומגאנגס־שפראך ביי א גרויסען טייל אידען, ביי די כנענים און די מייסטע פעלקער פון צפון־אפריקא און די אינזלען. און אזוי אויך האט די אראבישע שפראך פארמעקט די שפורען פון גריכיש און רוימיש, אזוי אז עס איז אפילו קיין געדעכעניש ניט געבליבען פון זיי אין די לענדער פון דער אראבישער הערשאפט. אראביש איז געווארען די איינציגע הערשערין אין איהרע גרעניצען, אין מעסאפאטאמיע און אין סיריע, אין ארץ־ישראל און אין מצרים, אין טונים און אין אלזשיר און אין א גרויסען טייל פון מאראקא. סיי די מוסולמענער, סיי די קריסטען, די אידען און די פעלקער און ראסען, וועלכע האבען געטראגען אויף זיך דעם אראבישען יאך און זיך

איינגעלעבט מיט דער אראבישער שפראך, האבען דאך ניט אויפגעגעבען זייערע אנדערע נאציאנאלע אייגענשאפטען און האבען פארטגעזעצט זייער עקזיסטענץ אלס באזונדערע פעלקער און באזונדערע לענדער ביזן היינטיגען טאג. און טאקע צוליב דעם, וואס די אראבישע שפראך האט זיך אזוי פארשפרייט, קען מען ניט רעדען וועגען איין אראבישען פאלק אין די גרעניצען וואו עס הערשט די אראבישע קולטור, פונקט ווי מען קען ניט רעכענען פאר איין פאלק גרויס־בריטאניע מיט אלע איהרע קאלאניעס, וואו די איינוואוינער האבען זיך צוגעוועהנט צו דער ענגלישער שפראך און האבען פארגעסען זייערע אייגענע שפראכען; פונקט ווי מען קען ניט רעכענען פאר איין שפאניש פאלק די אלע דרום־אמעריקאנישע רעפובליקען, וואס זיינען צוזאמענגעשטעלט פון פארשיידענע ראסען, כאטש די שפאנישע שפראך איז די איינציגע, וואס הערשט אין זיי; פונקט ווי מען קען ניט רעכענען פאר קיין טערקען די ארמענישע קאלאניעס און די יעניגע אנאטאלישע גריכען, וואס האבען אין פארלויף פון דורות אויפגעהערט צו רעדען זייערע אייגענע שפראכען און באנוצען די שפראך פון זייערע עראבערער, די סאלדזשוקען.

איך וויל ניט פארקלענערען די באדייטונג פון דער אראבישער ראסע, אדער פון די פעלקער, וואס רעדען אראביש. אזא געדאנק איז אינגאנצען ווייט פון מיר. פארקעהרט, איך דערלאז פונ׳ם אנפאנג אן די מעגליכקייט, אז יעדער לאנד און פאלק באזונדער זאל זיך אנטוויקלען אויפ׳ן אייגענעם שטייגער, אבער אויפ׳ן גרונט פון די פריהער אויסגערעכענטע פאקטען לייקען איך אבסאלוט, אז ס׳איז מעגליך א פאן־אראבישע באוועגונג, וואָרים זי האט ניט קיין סאציאלען, נאציאנאלען, עקאנאמישען אדער פאליטישען באזיס אונטער איהרע פיס.

די פעלקער, וואס רעדען אראביש, זיינען פארבונדען צווישען זיך ביז א געוויסער מאס אין זייער פארגאנגענהייט, אבער דער בונד ווערט אין דער געגענווארט אלץ שוואכער און שוואכער. און יעדער, וואס איז באקאנט מיט דער אראבישער פראגע, וועט געצוואונגען זיין צוצוגעבען, אז עס איז נישטא קיין געמיינזאמעס צווישען דער נאציאנאלער באוועגונג אין מצרים און דער נאציאנאלער באוועגונג אין די לבנון־בערג און די אינטערעסען פון די רעוואלוציאנערען פונ׳ם לבנון זיינען גאר

ניט דיזעלבע, וואָס די אינטערעסען פון די מוסולמאַנישע סיריער און די דמשק׳ער פּאָליטיקער. דער קאַמף פון די עגיפּטישע אַראַבער פאַר זעלבסטשטענדיגקייט האָט קיינמאָל ניט באַגעגענט קיין ווירקליכע קרעפּ־טיגע שטיצע ביי די איינוואוינער פונ׳ם לבנון און אויך ניט ביי די סיר׳ער און די חאַדזשאַזען. פאַרקעהרט, די עגיפּטישע אַראַבער האָבען זיך געבונטעוועט און זייער גאַנצער קאַמף מיט דער ענגליישער אָקופּאַציע איז געווען פאַר א פּאַראייניגונג מיט טערקיי, אין דער צייט וואָס די באַוועגונג פאַר זעלבסטשטענדיגקייט אויפ׳ן לבנון איז צו באַפרייען זיך פון טערקיי, און ווען ענגלאַנד באַקעמפט און וויל דערשטיקען די עגיפּ־טישע נאַציאָנאַלע אויפלעבונג, שטיצט זי צוזאַמען מיט פראַנקרייך די רעוואָלוציאָנערען פונ׳ם לבנון. און אויך דער כאַדזשאַאישער אויפ־שטאַנד האָט זיך געשטיצט אויף ענגלאַנד. עס איז גענוג באַקאַנט די געגנערשאַפט פון די סירישע איינוואוינער און די דאַמאַסקיאַנער צו דער „בעדואינישער" הערשאַפט, די כאַדזשאַנער, וועלכע האָט ווירקליך פיל געשטערט אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון סיריע. און עס איז איבעריג צו דערצעהלען, אַז עס איז ניטאָ קיין אָרגאַנישער צוזאַ־מענבונד צווישען סיריע און מעסאָפּאָטאַמיע, פונקט ווי עס איז ניטאָ קיין צוזאַמענבונד צווישען עגיפּטען און די אַראַבישע מערב־לענדער אַלזשיר און מאַראָקאָ, ניט קוקענדיג אויף דער שפּראַך און די רעשטלאַך פון דער שותּפות׳דיגער קולטור, וואָס האָט אין דער פאַרגאַנגענהייט געהערשט אין די אויבענדערמאָנטע לענדער.

און אויך די באַזונדערע פאַרבינדונגען צווישען סיריע און ארץ־ישראל האָבען זיך ניט אויף וואָס צו האַלטען.

אין עטנאָגראַפישער און היסטאָרישער הינזיכט האָבען די לבנון בערג און דער חרמון געדינט אַלס די גרעניץ פון ארץ־ישראל און די איינוואוינער פון יענער זייט לבנון האָבען זיך אונטערשיידט פון די איינוואוינער פון ארץ־ישראל אין אַלצדינג, אין זייער שפּראַך און אין דער אָרדענונג פון לאַנד. אַזוי איז עס געווען אין משך פון די טויזענטער יאָהרען, וואָס דער העברעאישער שטאַם האָט געהערשט אין לאַנד. אונטער דער הערשאַפט פון די אַראַבער און די טערקען איז דאָס לאַנד צוטיילט געוואָרען אויף אַדמיניסטראַטיווע טיילען און באַזונדערע לענדער, וועלכע זיינען געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון דמשק, באַגדאַד, מצרים

און קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אָבער עטנאָגראַפיש איז נאָך אַלץ געבליבען דער פריהערדיגער אונטערשייד צווישען די איינוואוינער פון ארץ־ישראל און פון סיריע. דאָס אינדוסטריעלע לעבען איז נאָך ניט אַנטוויקעלט אין די דאָזיגע לענדער און וואָס אנבאַלאַנגט דעם האנדעל הענגט אונזער ארץ־ישראל מיט איהר אייגענעם ברעג ניט אָפּ פון ביירוט און דער מזרח־טייל פון לאַנד קען צושטעלען ברויט ניט נאָר פאַר'ן גאַנצען לאַנד, נאָר אויך פאַר עקספּאָרט. און ווען ניט די פאַרפּלאָנטענישען און די צייטווייליגע אמביציעס, וואָלט דער געדאַנק וועגען פאַראייניגען ארץ־ישראל מיט סיריע קיינמאָל ניט געקענט דערוועקט ווערען, ווי מיר וועלען זעהן ווייטער.

.2

פון דער אַלגעמיין אַראַבישער פראַגע וועלען מיר איצט איבערגעהן צו דער פּאַלעסטינאַר אַראַבישער באַוועגונג. די אַראַבישע באַוועגונג אין אונזער לאַנד טראָגט זיך ניט אַרום מיט'ן פּאַן־אַראַבישען, אָדער פּאַן־מוסולמענישען געדאַנק. דערפאַר אָבער האָט זי די ערשטע אויפגעהויבען דעם קאַמף פאַר אַ פאַראייניגטער סיריע און האָט פּראָקלאַמירט דעם לאָזונג „פּאַלעסטינאַ זאָל געהערען צו דרום־סיריע". אונטער דער דאָזיגער פאָן האָבען דאָס לעצטע יאָהר געאַרבייט די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס „אסלאַמיא מאַסיכיאַ", „נאַד אַלאַראַבי" און „מונטאַדאַ אַלאַראַבי" און פייזאַל, דער קעניג פון דמשק, איז פון זיי אַלע אָנגערופען געוואָרען אַלס דער קעניג פון דער פאַראייניגטער סיריע־ארץ־ישראל. זיין בילד האָט מען געטראָגען אויף די נאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציעס פון פאַר־אַ־יאָהרען, וועלכע זיינען געווען ווי אַ מין פאָרבאַרייטונג צו דעם בלוטיגען פּאָגראָם אין ירושלים אין פסח תר"פ.

די דאָזיגע פּאָליטישע לאָזונג פון אַ „פאַראייניגטער סיריע" האָט ניט, ווי מיר האָבען שוין פריהער קלאָר געמאַכט, קיין שום ממשות'דיגע וואָרצלען. כל זמן פייזאַל איז געווען שטאַרק, איז דער אמת'ער טייטש פון דעם לאָזונג געווען: ארץ־ישראל זאָל זיך באַהעפטען מיט דער מוסולמענישער הערשאַפט אין דמשק. אָט דער געדאַנק האָט געקענט געפינען אָנהענגער צווישען די עפענדים און די אַריסטאָקראַטישע אַראַבער פון ארץ־ישראל, כאָטש ער האָט ניט געקענט אויפפלאַמען די קריסטליכע אַראַבער, וועלכע

האבען שוין גענוג פארזוכט דעם טעם פון א מוסולמאנישער הערשאפט אונטער טערקיי. און אין אמת'ן האט פייזאל'ס ממשלה איבערגענומען אלע צרה'דיגע זייטען פונ'ם טערקישען רעזשים. אבער זינט פראנקרייך האט זיך געשטארקט אין צפון, האט זיך אינגאנצען געענדערט דער באגריף פונ'ם לאזונג „א פאראייניגטע סיריע". איצט מיינט שוין דער רוף „א פאראייניגטע סיריע", אז ארץ־ישראל זאל באהעפט ווערען צו דעם טייל פון סיריע, איבער וועלכע פראנקרייך הערשט. אזא ענדערונג איז ניט נאר וואס זי קען ניט צופרידענשטעלען די עלעמענטען, וואס זיינען פאראינטערעסירט אין דעם, אז דאס לאנד זאל זיך פאראייניגען מיט דער מוסולמאנישער דמשק, נאר פארקעהרט, זיי באגרייפען נאך, אז דאס וואלט פאר זיי געמיינט ארייינצופאלען אין אן אנדער צרה. און דערפאר איז, אויסער א קליינעם טייל פון לאטיינישע קריסטען, וועלכע זעהען אין פראנקרייכ'ס הערשאפט א מעגליכקייט צו שטייגען אין מאכט (ווי עס איז דער פאל אין ביירוט און אין צפון־זייט פון ארץ־ישראל), נישטא קיין איין באדייטענדע שיכטע פון די ארץ־ישראל'דיגע אראבער, וואס זאל זיין פאראינטערעסירט אין דער פאראייניגונג פונ'ם לאנד מיט דער פראנצויזישער סיריע.

פון אלע אורזאכען, וואס האבען ארויסגערופען דעם דאזיגען לאזונג, איז געבליבען נאר די איינציגע: די געגנערשאפט צו דער אידישער באוועגונג אין ארץ־ישראל און די געגנערשאפט צו דער רעגירונג, וועלכע האט אנערקענט ארץ־ישראל אלס א אידיש היימלאנד. אט די געגנערשאפט ציהט זיך ווי א רויטער פאדעם דורך די אלע „נאציאנאלע" ארגאניזאציעס און אין דער „נאציאנאלער" פרעסע. אבער די געגנערשאפט איז אין איהר גרונט ניט קיין נאציאנאלע, דאס הייסט א געגנערשאפט וואס קומט פונ'ם גאנצען פאלק, נאר פון איינציגע שיכטען, וואס האבען ספעציעלע אינטערעסען צו זיין געגען א אידישער איינוואדערונג און געגען א אידישען ארבייטער־ישוב אין ארץ־ישראל, ווי מיר וועלען ווייטער דערקלערען.

און דערפאר קומט אויס, אז כל זמן די דאזיגע געגנערשאפט שטיצט זיך אויף דרויסענדיגע כחות, וועלכע שטארקען איהרע הענט, קען זי אויף א מאמענט גובר זיין די אלע ווידערשפרוכען און דיפערענצירונגען וואס זיינען דא צווישען די קריסטליכע און מוסולמאנישע אראבער און

זי קען אויך פאַרגעסען די מיינונגס־פאַרשיידענהייטען און די אויבענ־דערמאַנטע נייגונגען, אָבער אין דעם מאָמענט וואָס די דרויסענדיגע האַפענונג ווערט אָפגעשוואַכט, שווימען באַלד ארויס די סתירות, וואָס זיינען טיף איינגעוואָרצעלט אין די צוויי געגנערשע שיכטען, דער ציהט אַהער און דער ציהט אַהין און דער גאַנצער אידעאַל פון א „פאַראייניגטער סיריע" צוגעהט זיך ווי רויך.

דאָס בטל מאַכען די דמשק'ער זעלבסטשטענדיגע רעגירונג און דער פאַקט, וואָס סיריע שטעהט איצט אונטער פראַנקרייך, האָבען געבראַכט צו דעם, אַז די פאָדערונג פאַר א „פאַראייניגטער סיריע" האָט פאַרלאָרען איהר גאַנצע באַדייטונג און דעם צויבער, וואָס האָט אויפגעפלאַמט די אַראַבער אין פאַרלויף פון צוויי יאָהר. איצט איז די דאָזיגע פאָדערונג אין גאַנצען פאַרגעסען געוואָרען און אויפ'ן חיפה'ר קאָנגרעס איז זי אפילו ניט ארויפגעבראַכט געוואָרען אויפ'ן טאָג־אָרדענונג. אָבער מיר האָבען ניט ארויסגעריסען און ווילען ניט אַרויסרייסען פון אונזערע הערצער דעם זכרון פון אַט דער פאָדערונג, וועלכע איז אונטערגעשריבען געוואָרען מיט אונזער בלוט. און צוקוקענדיג זיך איצט צו איהר גסיסה און איהר פריצייטיגען טויט, וועלען מיר דערווייל לערנען זיך פאַרשטעהען דעם אמת'ען אינערליכען מיין פון אַט דער באַוועגונג.

אַנשטאָט דעם רוף פאַר א פאַראייניגטער סיריע, איז איצט אַרויפ־געשוואומען א נייע מעהר רעאַלע פאָדערונג, אָבער א ווייניגער קלאָרע און פאַרענדיגטע — א פאָדערונג פאַר אינערליכער אויטאָנאָמיע. מעהר רעאַל איז די פאָדערונג, ווייל זי אנערקענט ארץ־ישראל אַלס א לאַנד פאַר זיך, אָהן א שום צוזאַמענבונד מיט סיריע. אָבער צו דערזעלבער צייט איז די פאָדערונג פון אינערליכער אויטאָנאָמיע ניט קלאָר, ווייל זי האָט ניט פעסטגעשטעלט דעם אופן ווי אזוי די זעלבסט־פאַרוואַלטונג זאָל אַוועקשטעלען די לאָקאַלע רעגירונג. צי זי מיינט איינגאַנצען אָראָפּ־צוּוואַרפען פון זיך די ענגלישע ממשלה און פון דער פעלקער־ליג, אין וועמעס נאָמען די ענגלישע רעגירונג הערשט, אָדער עס מיינט ניט מעהר ווי דאָס, אַז אַלע העכערע שטעלען זאָלען איבערגעגעבען ווערען צו די לאַנד־איינוואוינער (ווי די פאָדערונג איז אויסגעדריקט געוואָרען פון איינעם פון די רעגירונגסראַטגעבער), ניט באַפרייענדיג זיך אין גרונט פון דער בריטישער הערשאַפט, פונ'ם מאַנדאַט.

און דאַ פֿאָדערט זיך אַ קליינע באַמערקונג. צי די פֿאָדערונג פֿאַר אויטאָנאָמיע איז שוין אַ שטענדיגע, אָן אַנגענומענע, אָדער בלויז אַ נאָכגעבונג אויף דערווייל איז נאָך אַ גרויסער ספק. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין, איז עס אַ געוויסער שריט פֿאָרווערטס. אַרויסגעהענדיג פֿון דעם שטאַנדפּונקט קען שוין געשאַפֿען ווערען אַ וועג ווי צוזאַמענצואַרבייטען מיט די אידען און אויך מיט די ציוניסטען. די פֿאָדערונג, אַז די צפֿון־גרעניצען זאָלען צוריקגעגעבען ווערען צו ארץ־ישראל, איז נאָר איין איינציגער ביישפּיל פֿון די געמיינזאַמע פֿאָדערונגען, אָדער פֿון אַזעלכע פֿאָדערונגען, וואָס ק אָ נ ע ן ווייניגסטענס, אַרויסגעשטעלט ווערען געמיינשאַפֿטליך פֿון די ציוניסטען און די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטען אין ארץ־ישראל.

### .3

איצט װעלען מיר איבערגעהן צו דער אַראַבישער באַוועגונג, וועלכע קאָנצענטרירט זיך אַרום דעם דריטען אַראַבישען קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין חיפה דעם 13טען דעצעמבער, 1920, ב׳ טבת תרפ״א.

קודם עטליכע ווערטער וועגען זיין צוזאַמענשטעלונג. פֿון די 36 דעלעגאַטען, וואָס האָבען אַנטיילגענומען אין דעם קאָנגרעס, זיינען 16 געוועזען פֿון חיפה און 20 פֿון אַנדערע שטעט: פֿון יפו, ירושלים, עזה, שכם, עכו און דזשינען. פֿון די דערפֿער זיינען קיין פֿאָרשטעהער ניט געווען. צווישען די פֿאַרזאַמעלטע זיינען געוועזען די רייכסטע פֿאַמיליעס, ווי די פֿאַמיליע חאַסיין פֿון ירושלים, וועלכע באַזיצען 50 טויזענט דונאַם לאַנד; די פֿאַמיליע עבד־אלהאדי, פֿון שכם־דזשינען, וואָס באַזיצען 60 טויזענט דונאַם לאַנד א. ד. ג. דער פֿאָרזיצער איז געווען מוזאַ־קייזם־פּאַשאַ חאַסיין. די איבעריגע זיינען געווען: 2 דאָקטורים, הדריי רעדאַקטאָרען — פֿונ׳ם „כרמל“, דעם „אקצע“ און דעם „מראת אלשרק“ — און איניגע גייסטליכע באַאַמטע.

וואָס אַנבאַלאַנגט די פֿאָדערונגען אַליין, זיינען זיי כמעט אַלע געווען נעגאַטיווע און האָבען אויסגעדריקט אַ שטאַרקע געגנערשאַפֿט צום אידישען ישוב אין ארץ־ישראל. די איינציגע פּאָזיטיווע פֿאָדערונג, וואָס איז אויסגעשטעלט געוואָרען פֿונ׳ם קאָנגרעס, איז פֿאַר אַן אויטאָנאָמיע,

וואס זאל זיין פאראנטווארטליך פאר'ן ארטיגען פארלאמענט. אבער אויך די פאדערונג האט אין זיך פיל נעגאטיוועס, ווייל זי בארויבט די רעכטען פון אלע איינוואוינער, וואס רעדען ניט קיין אראביש, און מאכט אן אויסנאם מיט די אלע איינזידלער, וועלכע האבען זיך אבער שוין אין לאנד באזעצט אדער דארפען זיך ערשט באזעצען. עס איז דא א בפירושער פונקט, אז דער ארץ־ישראל'דיגער פארלאמענט זאל אויסגעוועהלט ווערען בלויז פון די איינוואוינער, וואס רעדען ערשטענס אראביש און צווייטענס, וואס האבען זיך באזעצט אין לאנד פאר דער מלחמה.

צוויי פאראגראפען ווערען אפגעגעבען אויף צו פראטעסטירען געגען דער ארץ־ישראל מאכט דערפאר, וואס זי האט ארויסגעגעבען געזעצען אין לאנד, ניט אנפרעגענדיג זיך ביי קיין שום געזעצגעבערישער קערפערשאפט און אויך דערפאר וואס עס איז באשטימט געווארען א רעגירונגס־ראט, ניט אויסגעוועהלט געווארען. די דאזיגע צוויי פונקטען זיינען די איינציגע, וועלכע האבען אן אלגעמיין־באוואסטע פרינציפיעלע באדייטונג, ביידע ווערען אבער פארטרונקען אינ'ם ים פון געגנערשע, פיינדליכע רעזאלוציעס געגען די אידען.

דער חיפה'ר קאנגרעס פראטעסטירט געגען דער ארץ־ישראל רעגירונג פארוואס זי האט אנערקענט די ארץ־ישראל קאמיסיע (ועד הצירים), געגען דער ערלויבעניש וואס איז געגעבען געווארען צו ציוניסטען איינצוואנדערען אין לאנד, און פאדערט, אז די אימיגראציע זאל אפגעשטעלט ווערען און דאס רויטע צעטעל זאל צוריק איינגעפיהרט ווערען; ער פראטעסטירט געגען דעם, וואס די העברעאישע שפראך ווערט באנוצט אלס אפיציעלע לאנד־שפראך; ער באשולדיגט די רעגירונג, אז זי פארשוויינט דעם פאקט, וואס אין ארץ־ישראל ווערט געברויכט א אידישע פאהן און פראטעסטירט געגען דעם, וואס וויכטיגע רעגירונגס־שטעלעס זיינען איבערגעגעבען געווארען צו ציוניסטען.

די אלע רעזאלוציעס, וועלכע דערמאהנען דרך אגב, בוכשטעבליך די שנאה פון בהא־אלדין, דזשעמאל־פאשא'ס סעקרעטאר, זיינען אפט געצילט געגען די עלעמענטארע אידישע אינטערעסען, געגען די אידען אלס מענשען און אלס פאלק. אבער איבערהויפט אינטערעסאנט איז די לעצטע רעזאלוציע, וועלכע לויטעט: „פאלעסטינא איז א הייליג לאנד ביי די קריסטען און די מוסולמענער און עס

איז דארום ניט מעגליך די העברע רעגירונגס־שטעלעס צו געבען צו וועמען עס איז אויסער צו מוסולמענער און קריסטען". די דאזיגע רעזאלוציע אנטפלעקט דעם סוד פון די באהאלטענע בייזוויליגקייטען פון די חיפה׳ר „קאנגרעסיסטען", וועלכע זעגלען אין נאמען פון נאציאנאלער פרייהייט און ווילען מיט אומפארשעהמטער חוצפה בארויבען די אידען אפילו פון די עלעמענטארע מענשליכע און נאציאנאלע רעכט, וואס זיי האבען געהאט דורות־לאנג אפילו אונטער דער טערקישער הערשאפט.

נאך מעהר בולט׳ער וועט ווערען דער הויפט־ציעל זייערער — די אידען־פיינדשאפט — ווען מיר וועלען זיך דערמאנען אין דעם דאקומענט, וואס דער קאנגרעס האט געשיקט צו דער פעלקער־ליג, אין וועלכען עס ווערט אויסגעגאסען פיל גאל און ביטערקייט געגען דער אידישער איינוואנדערונג און עס ווערט גע׳מסר׳ט אויף די אידען, אז זיי ברייגגען אריין דעם באלשעוויזם אין לאנד.

אבער דער אמת׳ער געזעלשאפטליכער מהות פון דער דאזיגער באוועגונג, וואס האט באקומען איהר אויסדרוק אויפ׳ן חיפה׳ר קאנגרעס, וועט אונז קלאר ווערען ווען מיר וועלען צוגלידערען די דאזיגע פרינציפיעלע רעזאלוציעס, מ׳שטיינס געזאגט, וועלכע מיר האבען אויבען דערמאנט.

די געגנערשאפט צו די געזעצען, וואס די רעגירונג האט ארויסגעגעבען, ניט אנפרעגענדיג זיך ביים פאלק, איז אין גרונט געצילט געגען באפעהל, וואס איז ארויסגעגעבען געווארען אין סעפטעמבער, 1920, וועגען דעם פארקויף פון אומבאוועגליכע גיטער, און געגען אט דעם באפעהל האבען זיי פראטעסטירט אי אין די צייטונגען, אי אויפ׳ן דערמאנטען קאנגרעס. דאס דאזיגע געזעץ האט, צווישען אנדערע פונקטען, אויך דריי באגרעניצונגען, וואס זיינען געצילט צו באשיצען די אינטערעסען פון די פאלאכען, די ערד־ארבייטער און די דאזיגע דריי פונקטען האבען ארויסגערופען דעם גרעסטען צארן פון די רייכע ערד־באזיצער און די באדען־ספעקוליאנטען. דער פונקט ב׳ פונ׳ם זעקסטען פאראגראף לויטעט, אז נאך דעם געזעץ קען קיינער ניט קויפען קיין באדען, וועלכער איז גינסטיג פארזייהט צו ווערען, מעהר פון 300 דונאם, אדער וואס קאסט מעהר פון 3000 עגיפטישע לירעס. און דער צווייטער פונקט (פונקט ג׳ פונ׳ם דערמאנטען פאראגראף) פארפליכטעט דעם באדען־קויפער

צו באארבייטען, אדער פארצובארייטען דעם באדען אליין און טאקע באלד. אלס א צוגאב נאך מאכט קלאר דאס דערמאנטע געזעץ, אז די רעגירונג קען ניט גוטהייסען די מכירה פון באדען. אויב זי געפינט אויס, אז דעם פארקויפער, אדער דעם ארענדאטאר, איז ניט געבליבען גענוג ערד, אז ער זאל זיך קענען שפייזען אליין און זיין הויז־געזינד.

לויט דעם געזעץ ווערען באשיצט די אינטערעסען פונ׳ם פאלאך, אדער דעם קלענערען פויער, וועלכער באארבייט אליין די ערד געגען די עקספלואטאציע־אפעטי־טען פון די רייכע גוט־באזיצער, די עפענדים, ביי וועמען דער פאלאך נעהמט אין ארענדע באדען. דורך דעם געזעץ קומט אויך אויס, אז די קאלא־ניזאציע אין דער פארם פון אייגענער ארבייט און באזעצונג באקומט די אויבערהאנט איבער דער ספעקולאציע און עקספלואטאציע.

די געגנערשאפט פון די אראבישע „נאציאנאליסטען" צו אט דעם געזעץ רייסט אראפ דעם שלייער פון דער באוועגונג און אנטפלעקט איהר אמת׳ע צורה. און מיר זעהען, אז ניט נאר איז זי אן אנטי־אידישע, נאר אויך א רעאקציאנערע, ווייל זי וויל נאר שיצען די אינטערעסען פון די עפענדים און די ספעקולאנטען און איז געגען די עלעמענטארע אינ־טערעסען פונ׳ם ארבייטער־קלאס.

און אין דער הינזיכט איז די באוועגונג אין איהר איצטיגער פארם געזונקען און געפאלען אין פארגלייך מיט דער באוועגונג פון פאר דער מלחמה. דאן, ווען עס איז ערשינען „די געהיימע פראגע", האט זי זיך פאר אונז אנטפלעקט אין א מעהר פראגרעסיווער צורה: דאמאלסט האט זיך גערעדט וועגען דעם באגזל׳טען פאלאך, אין וועמעס אומגליק־ליך לעבען עס זיינען שולדיג ניט נאר די עפענדים, נאר אויך די קאלא־ניזאטארען. מיט׳ן געדאנק פון נאציאנאלער באפרייאונג און דער בא־פרייאונג פון די פאלאכען האבען זיך ארומגעטראגען די אראבישע סטודענטען אין דער שווייץ און אין פראנקרייך, און זייער רוף האט געפונען א געוויסען אפקלאנג אויך צווישען אידען. איצט אבער איז קלאר געווארען די אמת׳ע צורה פון אט דער „פרייהייטס באוועגונג", וואס איהר גאנצער אינהאלט איז גענומען געווארען פון בהא־אלדין און איהר גאנצע שטרעבונג איז צו פארשקלאפען די פאלאכען און די ארבייטער צו די רייכע גוט־באזיצער.

## .4

ביז איצט האבען מיר קלאר געמאכט די אמת'ע צורה פון דער אראבישער באוועגונג לויט די פאדערונגען, וואס זיינען אויסגעדריקט געווארען אין די צייטונגען און לויט די רעזאלוציעס פונ'ם חיפה'ר קאנגרעס. אנאליזירענדיג די פאדערונגען, האבען מיר שוין געזעהן דעם געדאנקען־צוזאמענבונד, וואס איז דא צווישען דער דאזיגער באוועגונג און די העכערע קלאסען אין ארץ־ישראל. אום אבער צו פארשטעהן אט דעם צוזאמענבונד מעהר גרינטליכער, דארפען מיר זיך א ביסעל לענגער אפשטעלען אויף זיין עקאנאמישען צוזאמענשטעל, אויף זיין ראסען־ און נאציאנאליטעטען־גרונט.

די אלגעמיינע צאהל פון די ארץ־ישראל'דיגע איינוואוינער איז ניט פעסטגעשטעלט געווארען דורך א פינקטליכער פאלקס־צעהלונג און די אפיציעלע ציפערען פון דער צייט, ווען די טערקען האבען געהערשט, ליידען פון דעם, וואס זיי זיינען צופיעל, אדער צו ווייניג. אומגעפעהר דארף די צאהל פון די איינוואוינער אין ארץ־ישראל זיין איין מיליאן מיט 60 טויזענט נפשות. דאס איז פארביידע טיילען פון לאנד: פאר'ן מזרח און מערב פון ארץ־ישראל. נאך דער השערה דארף דער מערב ארץ־ישראל האבען, אין די גרעניצען וואס זיינען לעצטענס פארעפענטליכט געווארען, ארום 700 טויזענט, אדער 720 טויזענט איינוואוינער.

לויט דער באשעפטיגונג און דעם אופן פון לעבען ווערען די איינגעבוירענע איינגעטיילט אויף וואנדערענדע בעדואינער און אויף הייזער־באוואוינער, די לעצטע ווערען נאך צוטיילט אויף דארפישע און שטאטישע איינוואוינער. די דאזיגע איינטיילונג איז ניט קיין פאלקאמע קלאסען־איינטיילונג, ווי עס ווערט פארשטאנען אין אייראפא. די שטאטישע און די דארפישע איינוואוינער און אויך די בעדואינער זיינען ניט קיין קלאסען. מיר וועלען זיי רופען גלאט טיילען. דער ערד־ארבייטער טייל ווערט אין דעם זין צוטיילט אויף עפענדים, רייכע גוט־באזיצער, און אויף פאלאכען, וועלכע זיינען אויך פון פארשיידענע ריכטונגען: פאלאכען וואס פיהרען א מין קאמוניסטיש לעבען עהנליך אויף דער רוסישער „אבשטשינא"; פאלאכען וואס זיינען זעלבסטשטענדיג; אזעלכע, וואס וואוינען אויף דער ערד פון די עפענדים, און פאלאכען וואס געהען ארבייטען אויפ'ן טאג. די באציהונגען צווישען די ארבייר־

טער־פאלאכען און די עפענדים זיינען מעהר ענליך צו די קלאסען באצי־הונגען אין מאדערנעם באגריף.

די שטאטישע איינוואוינער פון זייער זייט האבען אויך צווישען זיך פארשיידענע באשטאנדען. צווישען זיי זיינען דא רייכע גוט־באזיצער עפענדים, וועלכע שטאמען מייסטענס אפ פון „אריסטאקראטישע" פאמי־ליעס און זיי פארנעהמען רעגירונגס־עמטער און פארשיידענע גייסטליכע שטעלעס. אין די קליינע שטעטלאך לעבען אויך פאלאכען און פארנעה־מען זיך מיט ערד־ארבייט ווי זייערע ברידער אויפ'ן דארף. די גרויסע שטעט פארמאגען אויך פיל קרעמער, סוחרים, מעקלערס, ספעקולאנטען, פאבליזט און פיל ארבייטער ניט קיין פאבליזט. און כאטש אין לאנד איז נישטא קיין אנטוויקעלטע אינדוסטריע, איז שוין דאך צו באמערקען א קלאסען־פאנאנדערטיילונג צווישען די ארבייטס־געבער און די ארביי־טער.

וואס אנבאלאנגט די בעדואינער, לעבען זיי משפחות־וויין אין „האר־ריגע הייזער", דאס מיינט אין געצעלטען פון וואל, און זיי שפייזען זיך פון פאשען שאף און קעמלען און אויך פון ערד־ארבייט און פון מלחמות און פרייען רויב. זיי לעבען שטענדיג אין איינג אפגעגרעניצטע גרופען און די אייביגע געפארען, וואס לויערען אויף זיי, און די אומאויפהערליכע מלחמות פאראייניגען די מענשען פון יעדען שבט באזונדער אין איין קלאס געגען דעם געמיינזאמען פיינט — געגען דער רעגירונג, געגען די מענשען פון ישוב און געגען די אנדערע שבטים, מיט וועמען זיי פיהרען מלחמה. דערפאר איז נישטא ביי די בעדואינער פון איין שבט אדער פון איין משפחה קיין קלאסען־פאנאנדערטיילונג ווי צווישען די מענשען פון ישוב, כאטש צווישען זיי איז אויך נישטא קיין פאלקאמענע עקאנאמישע גלייכ־הייט, אבער דער ארימער מישט זיך אוים מיט'ן רייכען.

די צאהל פון די בעדואינער אין די ארץ־ישראל'דיגע גרעניצען דערגרייכט ביז 150 טויזענט, אדער אפשר נאך מעהר און דאס מאכט אוים ארום 14 פראצענט פון אלע איינוואוינער. אין די מערב־גרעניצען פון ארץ־ישראל דערגרייכט זייער צאהל ביז ארום 60 טויזענט, אדער נאהענט צו אכט און א האלב פראצענט פון אלע באוואוינער פון יענעם טייל לאנד. א טייל פון די בעדואינער וואנדערט רעגעלמעסיג פון דער אראבישער מדבר צום עבר הירדן און צוריק, ווי למשל דער שטארקסטער

שבט אנזע, וועלכער איז צוטיילט אויף פיער משפחות : ולד־עלי, חזנה, רואלה און בישר. אן אנדער טייל פאשעט די שאף אויף באשטימטע פלעצער ווי די בני־צחר אין מואב, די עומרני — אין „עור“ (עמק הירדן) און די אנדערע שבטים, וואס וואנדערען אום אויפ׳ן מזרח־זייט, אינ׳ם לבנון־טאל און אויפ׳ן חורן. די בעדואינישע שבטים פיהרען מייסטענס צווישען זיך בלוטיגע מלחמות און האבען בלוט־חשבונות איינע מיט די אנדערע. די דאזיגע מלחמות ציהען זיך אפט גאנצע דורות (אזוי, למשל, די מלחמה צווישען קייסען און די ימינים, וועלכע האט ניט אויפגעהערט אין משך פון הונדערטער יאהרען). לויט זייער אפשטאמונג זיינען די בעדואינער די איינציגע אין לאנד פון ריינעם אראבישען בלוט.

אויף די אנדערע אראבער, די פאלאכען און די שטאטישע, קען מען אזוינס ניט זאגען. זיי זיינען טאקע אראבער לויט זייער קולטור און זייער שפראך, אבער לויט זייער אפשטאם זיינען זיי צוזאמענגעמישט פון פארשיידענע פעלקער. די אראבער, וועלכע האבען איינגענומען דאס לאנד, האבען ניט פארטיליגט דעם פריהערדיגען ישוב, און האבען זיך ניט פארנומען מיט קאלאניזאציע. זיי האבען נאר פארכאפט דעם באדען און האבען ארויפגעלעגט א צינז אויף די איינוואוינער. די פאלאכען זיינען דערפאר אן אפשטאם פון די פריהערדיגע פויערען, וועלכע זיינען פארבליבען אין לאנד נאך פון פאר דעם איסלאמס ערא׳בערונג. אין דעם איז קיין שום ספק נישטא. די פראגע איז נאר וועגען דעם אפשטאם פון די פאלאכען פאר׳ן איסלאם. און אויף דעם זיינען פאראן באווייזען, היסטארישע און עטנאגראפישע, אז דער דאזיגער אגריקולטורעלער ישוב האט זיך געבילדעט אין זיין מערהייט פון אמאליגען אידישען אגריקולטורעלען ישוב *)

אמת איז אז דער דאזיגער ישוב האט אין זיך אן אויסמיש פון בלוט פון די פארשיידענע ערא׳בערער פונ׳ם לאנד, וועלכע האבען איבערגעלאזט זייערע שפורען אין ארץ־ישראל. צווישען זיי געפינען זיך די ביזאנטען, די מאנגאלען, די סיריער און די בעדואינער און אויך אז

*) זעה דעם אויבענדערמאנטען ארץ־ישראל בוך, זייטען 37, 38, 319 ביז 326.

איבערבלייבעכץ פון די פראנקען פון די קרייץ־צוגען. אבער דער פונדאמענטאלער טייל פונ׳ם איצטיגען ערד־ארבייטער ישוב נעהמט זיך פון די פאלאכען, די אידען און די שומרונים, וועלכע זיינען פארבליבען אין לאנד און זיינען קיינמאל אין גלות אליין ניט געגאנגען. דאס דאזיגע „עם הארץ" איז אין משך פון דורות אפגעריסען געווארען פונ׳ם גאנצען אידישען פאלקס־ארגאניזם און נאך די מלחמות און אויפשטאנדען, וואס האבען זיך געצויגען 600 יאהר און וואס האבען זיך שטענדיג געענדיגט מיט שחיטות און רויבערייען, איז עס סוף־כל־סוף אונטעריאכט געווארען צו די באזיגער און איז געווארען ביי זיי א צינז־צאהלער. אין דער צייט פון דער קריסטליכער הערשאפט האט דאס דאזיגע פאלק אנגענומען, לפנים נאר, די גריכישע רעליגיע, וועלכע איז געווארען די רעליגיע פון ארץ־ישראל איידער עמיר האט דאס לאנד איינגענומען.

נאך דער עראבערונג האבען זיי אנגענומען דעם איסלאם, וועלכער איז נאך ביז היינטיגען טאג ניט אריינגעדרונגען אין זיי און איז ביי זיי פארוואנדעלט געווארען אין א מיש־מאש פון מוסולמאנישע און קריסט־ליכע, אידישע און כנעני׳שע מנהגים צוזאמענגענומען.

די פאלאכען זיינען אלזא געווען די יעניגע, וועלכע האבען זיך נאכגעשלעפט נאך דער רעליגיע, וואס איז ארויפגעצוואונגען געווארען פון די עראבערער און וועלכע זיינען מסוגל פארוואנדעלט צו ווערען אין א באזונדער פאלק, אדער מיטגעשלעפט צו ווערען נאך איינעם פון די פעלקער, וואס האט זיך אפגעשטעלט אין ארץ־ישראל אין פארלויף פון דער פעלקער־דיפערענציע, וואס האט זיך אנגעפאנגען אין אונזערע טעג.

די פאלאכען זיינען די מייסטע אין צאהל אינ׳ם ארץ־ישראל׳דיגען ישוב. פון 720 טויזענט איינוואוינער פון מערב ארץ־ישראל וועט די צאהל פון די פאלאכען, די דארף־באוואוינער, זיין אומגעפעהר ארום 380 טויזענט.

דער ראסען־צוזאמענשטעל פון די שטאטישע איינוואוינער איז אינ־גאנצען פארשיידען פונ׳ם פאלאכישען. די מייסטע פון די אראבישע זיגער האבען זיך באזעצט אין די גרויסע שטעט און האבען ארויפגעלייגט זייער שטעמפעל אויף זיי. דערפאר איז דער פראצענט פון אמת׳ער אראבישער אפשטאמונג פיל גרעסער צווישען די שטאטישע איינוואוינער

ווי צווישען פאלאכישע. די צאהל פון די שטאטישע איינוואוינער פון מערב ארץ־ישראל איז ארום 320 טויזענט, וואס מאכט אויס 44 פראצענט פון אלע איינוואוינער פון לאנד. אבער דער שטאטישער עלעמענט איז ניט פון קיין איין גוף, נאר ער איז צוזאמענגעשטעלט פון פארשיידענע פעלקער, רעליגיעס און אפשטאמונגען.

דער אונטערשייד אין די קוואלען פון פרנסה און דעם ארט לעבען, וואס איז פאראן צווישען אויסגערעכענטע עלעמענטען, ברייננט צו א שטארקער עקאנאמישער פארשיידענקייט צווישען זיי, כאטש די פאר־שיידענקייט האט נאך ניט אנגענומען דאס אויסזעהן פון שארפער קלאַ־סען־צעטיילונג וואס אין די אייראפעאישע לענדער. די בעדואינער, איבער־הויפט אויפ'ן מזרח פונ'ם ירדן, בארויבען דעם פאלאך אויף א סיסטע־מאטישען אופן און אפטמאל נעהמען זיי נאך ביי איהם א באשטימטען שטייער. די עפענדים, די גרויסע ערד־באזיצער, עקספלואטירען אויף א געזעצליכען אופן דעם פאלאך, וועלכער ארבייט ביי זיי אלס א קאנ־טראקטאר אדער אלס לוין־ארבייטער.

אין יהודה געהערט צו די פאלאכען 50 פראצענט פון דעם באדען, וואס האט בעלי־בתים, אין גליל — 20 און אין עבר הירדן — 15. דאס איז לויט דער אויסרעכענונג פון אוהאגן.

לויט דעם אפיציעלען באריכט פונ'ם דמשק'ער וואלים, וועלכער האט אונטער זיך דעם גאנצען עבר הירדן, געהערט 60 פראצענט פונ'ם באדען פון יענער געגענט צו רייכע גוט־באזיצער, 25 פראצענט צו קלע־נערע און 15 פראצענט צו מיטעלע גוט־באזיצער. אין דעם געגענט פון עזה און באר־שבע זיינען פאראן אזעלכע גוט־באזיצער, וואס צו זיי געהערען 2 מיליאן דונאם לענדערייען, צווישען זיי זיינען דא 11 גוט־באזיצער מיט אריבער 100 טויזענט דונאם יעדער איינער און 7 וואס האבען פון 30 ביז 100 טויזענט דונאם. אין דער געגענט פון ירושלים־חברון זיינען פאראן 26 גרויסע גוט־באזיצער מיט 240 טויזענד דונאם לאנד, אין יפו'ער געגענט זיינען דא 45 גוט־באזיצער מיט 162 טויזענט דונאם, אין שכם און אין תל כרם — 5 גוט־באזיצער מיט 121 טויזענט דונאם, אין נצרת — 8 בעלי־הבתים מיט 123 טויזענט דונאם, אין טבריה — 6 בעלי־הבתים מיט 73 טויזענט דונאם. די משפחה סורסוק אליין האט אין פארשיידענע געגענטען פונ'ם לאנד, איבערהויפט אין עמק יזרעאל,

אַן ערך פון 230 טויזענט דונאַם לאַנד. און סך הכל באַזיצען 120 משפחות מעהר ווי דריי מיליאָן דונאַם לאַנד (לויט׳ן באַריכט פון דער קאָמיסיע פונ׳ם פועלי־ציון וועלט־פאַרבאַנד).

פון די ציפערען, וואָס מיר האָבען געבראַכט, איז לייכט צו פאַר־שטעהן, אויף וויפיל גרויס עס איז די מאַכט פון די רייכע עפענדים, גרויס־גרונד־באַזיצער, וועלכע הערשען עקאָנאָמיש און צווינגען דעם פאַלאַך צו אַרבייטען ביי זיי אויף אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס זיינען מעהר גינסטיג פאַר׳ן עפענדי און שווערער פאַר איהם, דעם פאַלאַך. און מיר זעהען דעם פאַקט, אַז 67 פּראָצענט פון די פאַלאַכען אינ׳ם ירושלים׳ער געגענט און 63 פּראָצענט אינ׳ם שכם׳ער געגענט מוזען לעבען פון ווייני־גער נאָך ווי 50 דונאַם באָדען.

דער פאַלאַך ליידט נישט פון דער אידישער אימיגראַציע, נאָר פונ׳ם דרוק פונ׳ם עפענדי זייגעם און פון דער עקספּלואַטאַציע פונ׳ם שטאָ־טישען אייגנוואוינער, וועלכער איז דער פאַרמיטלער צווישען איהם און דעם עפענדי. דער פאַלאַך ליידט פונ׳ם מאַנגעל אין מיטלען, וועלכע זאָלען מעגליך מאַכען ער זאָל זיך שטעלען אויף די אייגענע פיס און פון דעם וואָס ער פאַרדינט ווייניג, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון זיינע אַרבייטס־מעטאָדען, וואָס האָבען זיך אַנטוויקעלט אין פאַרלויף פון טוי־זענטער יאָהרען. דער פאַלאַך ליידט אויך פונ׳ם דרוק פון די שווערע שטייערען, וועלכע זיינען געבליבען כמעט ניט פאַרענדערט ווי אין די צייטען פון דער טערקישער הערשאַפט. דער פאַלאַך דאַרף האָבען, אַז זיין רעכט צו באַאַרבייטען די ערד, אויף וועלכער ער וואוינט, זאָל אַנערקענט ווערען און אַז דער יאָך פון די שטייערען זאָל איהם פאַר־לייכטערט ווערען. דערפאַר דאַרף ער האָבען די נייע אַדמיניסטראַציע, וועלכע פאַרשפּרעכט איהם פרידען און זיכערקייט פון גנבים און רויבער, און איבערהויפּט פון די בעדואינישע רויבער, וועלכע קומען פון דער מדבר אין ישוב און רויבען אומגעשטערטערהייט אין לאַנד. דער פאַלאַך דאַרף האָבען, אַזאַ אַדמיניסטראַציע, וועלכע זאָל אויפהויבען דעם קול־טורעלען צושטאַנד און וואָס פאַרשפּרעכט משפּט און שוץ געגען רויבער. דער פאַלאַך דאַרף אויך האָבען, אַז די אַרבייטען און די פּראָדוקציע אין לאַנד זאָל פאַרגרעסערט ווערען און אַז דער צושטאַנד פון די אַראַבער בכלל זאָל פאַרבעסערט ווערען. און דאָס אַלץ קומט מיט דער אידישער

איינוואנדערונג און דער אידישער באזעצונג פונ׳ם לאנד. און דערפאר דארף ער ניט זיין געגען דער אידישער איינוואנדערונג, נאר, פארקעהרט, ער דארף זיין פאראינטערעסירט אין די געזעצען, וואס באשיצען דעם ערד־ארבייטער, און דאס איז פארזיכערט געווארען אינ׳ם געזעץ, אז אומבאוועגליכע גיטער קענען ניט פארקויפט ווערען.

דער עפענדי און דער ספעקולאנט ווידער קען זיין צופרידען מיט די אטאמאנישע געזעצען וואס בעציהען זיך אויף דעם געביט. און פאר זיי איז ניטא קיין געפערליכערע זאך ווי דאס אויבענדערמאנטע געזעץ, וואס באגרעניצט פון איין זייט די רעכט פונ׳ם קויפער, וועלכער קען ניט קויפען מעהר ווי 300 דונאם ערד אויפ׳ן לאנד און 30 אין שטאדט, און פון דער צווייטער זייט פארזיכערט ער דעם פאלאך און דעם פויער, אז אין יעדען פאל, ביי יעדען פערקויף זאל פאר איהם בלייבען גענוג באדען צו קענען שפייזען זיך אליין און זיין הויזגעזינט. דאס דאזיגע געזעץ צאמט די אפעטיטען פון די ערד־ספעקולאנטען. אין דערהיים האט עס דערוועקט דעם צארן און די געגנערשאפט פון די באזיצער און די ספעקולאנטען אויף אזוי פיעל, אז זיי האבען אוועקגעשטעלט אין די ערשטע רייהען פון זייערע נאציאנאלע פאדערונגען אפצושאפען דיזען לאנד־געזעץ.

אבער גראד אין דער הינזיכט שטעהען די אינטערעסען פון די עפענדים און די רייכע אראבער אין אפענער געגנערשאפט צו די אינטערעסען פונ׳ם ארבייטענדיגען פאלק און אויך פון די אידישע אינטערעסען, די אינטערעסען פון דעם אידען, וואס קומט אין לאנד אריין צו באארבייטען עס און ענטוויקלען מיט׳ן שוויים פון זיין געזיכט און מיט דער מיה פון זיינע הענט. ער קומט ניט פארטרייבען דעם פאלאך וואס ארבייט ווי ער די ערד.

צוזאמען מיט דעם ווערט אונז קלאהר די אמת׳ע אורזאך, פארוואס דער שטאדטישער איינוואוינער איז געגען דער אידישער איינוואנדערונג, איבערהויפט די עפענדים, די סוחרים און די פארשיידענע פקידים. דא איז פאראן א באגרינדעטע מורא, אז דער נייער עלעמענט וועט פארכאפען דעם אלגעמיינעם האנדעל פון לאנד, וועט פארנעהמען די רעגירונגס־שטעלעס און מיט זיינע פעהיגקייטען און זיין אינטעליגענץ וויי־

טער פארשטויסען פון דארט די מענשען פון יענעם שטאנד, וועלכער האט זיך איינגעקויפט א חזקה אונטער דער פאריגער הערשאפט. אי־בערהויפט האט זיך געשטארקט די שרעק ביי די גוט־באזיצער, וועלכע שארפען זייער אפעטיט אויף די קרוין־לענדערייען און דעם אנדערען באדען, וועלכע האבען ניט קיין באזיצער. זיי האבען מורא, טאמער ווע־לען קומען די אימיגראנטען און וועלען זיך באזעצען אויף די דאזיגע לענדערייען און וועלען אויף אייביג צורויבען ביי די עפענדים די האפנונג צו פארכאפען אט דעם פרייען באדען פאר עקספלואטאציע און ספעקו־לאציע. די איינוואנדערער וועלען, הייסט עס, שטעלען אין געפאהר די גאנצע צוקונפט פון אט דעם קלאס. און דיזעלבע אורזאך רופט אויך ארויס די געגנערשאפט פון די מעקלערס, פארמיטלער, משגיחים, בא־אמטע און פארשיידענע משרתים, וועלכע ווארימען זיך ביים פייער פונ׳ם רייכען עפענדי, דעם באזיצער פון ווייטע און ברייטע לענדערייען.

און פון דעם וועט אונז קלאהר ווערען נאך איין ערשיינונג, און דאס איז די געגנערשאפט צו אידישער אריינדרינגונג אין אזעלכע ערטער וואו זייער פוס האט נאך ניט געטראטען. דארט וואו עס איז שוין פאראן א געמישטער ישוב, איז ניט אזוי לייכט איינצורייִדען דעם פאלק, אז אידען וועלען „פארקנעכטען דאס פאלק", „וועלען א תל מאכען פון דער רעליגיע" און דאסגלייכען, ווייל יעדער איינער פון די פאלאכען קען זיי איבערצייגען מיט פאקטען פון אייגענער ערפאהרונג, אז די פאלאכען זיינען ניט ארימער געווארען, נאר פארקעהרט, זיינען נאך רייכער גע־ווארען פון דער נאהענטקייט מיט׳ן אידישען ישוב. אבער דוקא אין די ערטער וואס זיינען ווייט פון ישוב, אין ווייטע דערפער און אין פאר־ווארפענע שטעדט, ווי שכם, וואו עס זיינען דא ווייטע שטרעקעס ניט קיין באארבייטער באדען, דערוועקען די עפענדים א שטארקע געגנער־שאפט געגען די נייע עלעמענטען. אבער די ערד גליטשט זיך פאמעלעך ארויס פון דעם באזיץ פון די אדעליגע פאמיליעס און די רייכע פריצים און זייער ווירקונג ווערט אלץ קלענער וואס גרעסער עס וואקסט דער אידישער ישוב און די טעכניק. און צוזאמען מיט דעם ווערט אלץ בולט׳ער דער פאקט, אז זיי האבען ניט קיין אנדער פונדאמענט אויף וואס אנצושפארען זיך, בלויז אויף די אינטערעסען פון זייער אייגענעם

שמאַלען שטאַנד, וועלכע זיינען אויך געגען די אינטערעסען פון זייער אייגענער אַרבייטענדער באַפעלקערונג.

.5

דער שטאַנד־אונטערשייד איז ניט די איינציגע אורזאַך, וואָס דערלאָזט ניט צווישען אונזערע שכנים די פאַראייניגונג פון די רייכע מיט די אַרבייטער. עס זיינען פאַראַן נאָך וויכטיגע געגענזאַצען פון אַן אַנדער סאָרט, אונטערשיידען וואָס זיינען אייגענטימליך.

אויב מיר זאָלען אורטיילען לויט דעם וואָס מיר זעהען מיט אונזערע אויגען און הערען מיט אונזערע אויערען, איז לייכט פאַר אונז פאַרפיהרט צו ווערען פון דרויסענדיגער ערשיינונג, וואָס מאַכען אַט דעם איינדרוק פון גענצליכער נאַציאָנאַלער איינינקייט אין לאַנד. די אַראַבישע שפּראַך ווערט געברויכט ניט נאָר פון די מוסולמענער און די קריסטען, נאָר אויך פון די דרוזען און אַ טייל אידען. בלויז די טשערקעסען, די טורקע־מאַנער, גריכען, אייראָפּעער און אידען געברויכען אין זייער גרויסער מעהרהייט ניט די אַראַבישע שפּראַך. אַזוי אַרום קומט אויס, אַז 80—85 פון הונדערט פון די ארץ־ישראלדיגע איינוואוינער באַנוצען זיך מיט דער אַראַבישער שפּראַך. און אויך וואָס אַנבאַלאַנגט די פיה־רונגען און די מנהגים זיינען זיי ביי די פאַרשיידענע פעלקער אין פיעל הינזיכטען גלייך.

אַבער, ווען מיר וועלען זיך אַביסעל פאַרטיפען, וועלען מיר זיך איבערצייגען, אַז די איינע שפּראַך און די אויסערליכע פיהרונגען, זיינען ניט גענוג צו פאַררעכענען די אַלע פאַר איין נאַציע. וואָרים אונטער׳ן פאַרהאַנג פון דער איינער שפּראַך זיינען באַהאַלטען די פאַרשיידענ־הייטען פון פעלקער און רעליגיעס. דאָס וואָס די מוסולמענער און די קריסטען אין ארץ־ישראל ריידען איין שפּראַך האָט ניט פאַרקלענערט דעם געגענזאַץ צווישען די ביידע און אויך ניט דעם געגענזאַץ וואָס איז דאָ צווישען די פאַרשיידענע טיילען טאָקע פון איין און דערזעלבער רעליגיע.

די איינוואוינער פון לאַנד זיינען צוטיילט לויט זייערע רעליגיעס און נאַציאָנאַליטעטען אויף 11 פעלקער, אָדער רעליגיעזע טיילען. אויר־סערדעם זיינען נאָך פאַראַן 7 קליינע רעליגיעזע סעקטעס, וואָס זייער

ווירקונג אויפ׳ן לאנד איז ניט קיין קענטליכע. די דערמאנטע 11 פעלקער זיינען: די אראבער־סאנייער, די אידען, דרוזען, לאטינער, מאראניטען, פראטעסטאנטען און ארמענער. די קלענערע סעקטעס זיינען: די שומרונים, די חבשים, די יעקבים, קופטים, פערסיאנער, נעגערס און ציגיינער.

מיר וועלען זיך אפשטעלען אויף יעדעם איינעם פון זיי.

די גרעסטע גרופע אין צאהל איז די סאניי־אראבישע, וואס האט 50 פראצענט פון די איינוואוינער פון לאנד. פיהלען זיך די סאנייער ווי איין פאראייניגט פאלק? דאס איז נאך א גרויסע פראגע. די מוסול־מענישע קולטור איז בכלל וויית פונ׳ם באגריף „פאלק“, „נאציע“, און אז איהר וועט פרעגען וועמען עס איז ניט אין די מזרח־לענדער וועגען זיין נאציע אנגעהעריגקייט, וועט ער אייך ענטפערען: „איך בין א מוסולמאנער“, „אלחמד לאללה“. אן אראביש שפריכווארט זאגט: „לית מלית פי אלאסלאם“, דאס מיינט, אז עס זיינען נישטא קיין פעלקער ביים איסלאם, ווארים אלע מוסולמענער זיינען ברידער און קינדער פון איין פאלק. און דאס איז ניט געזאגט גלאט אזוי אין דער וועלט אריין. אין דערזעלבער צייט וואס די טערקישע רעגירונג האט אפיציעל אנערקענט אלס נאציעס די גריכישע, ארמענישע און אידישע פעלקער און דער־נאך אויך אנדערע קלענערע פעלקער, האט זי אבער קיינמאל ניט אנ־ערקענט און איז ניט גענויגט געווען אנערקענען קיין איינע פון די מוסול־מאנישע פעלקער, כאטש עס האט געמענט זיין פיעל שטארקער ווי די אנדערע ניט מוסולמאנישע פעלקער.

מיר וועלען נעהמען פאר א ביישפיעל די קורדען, אדער די אלבאנער, פעלקער וועלכע האבען דייטליכע נאציאנאלע אייגענשאפטען און זיינען אין צאהל ניט וועניגער ווי די ארמענער, און דאך האט די טערקישע רע־גירונג זיי ניט אנערקענט אלס נאציעס. אזוי האט זי אויך קיינמאל ניט אנערקענט די אראבער אלס באזונדערע נאציע. דער איסלאם האט נאר דאמאלסט אנערקענט א מוסולמאניש פאלק אלס באזונדערע נאציע, ווען א געוויסע פאלקס באוועגונג האט רעפארמירט די רעליגיע און אויפגעשטאנען געגען דער אויטאריטעט פונ׳ם קאליף. אזוי איז נישטא קיין באזונדערע פאלקס־קערפערשאפט אין דעם איסלאם הערשאפט.

און אויב מיר באצייכענען דא די סאנייער אלס א באזונדערע נאציע, איז עס ניט דערפאר וואס זיי זיינען עס שוין איצטער, נאר דערפאר וואס זיי קענען ניט אריינגענומען ווערען אין כלל פון די אנדערע פעלקער, וועלכע מיר האבען אויבען אויסגערעכענט און אויך דערפאר, וואס זיי וואלטען געקענט אונטער גינסטיגע אומשטענדען ווערען א פאלק.

די מייסטע פון די סאנייער זיינען פאלאכען. ווי מיר האבען אויבען דערוויזען, שטאמען די פאלאכען ניט אפ פון דער אראבישער ראסע. די אראבישע עראבערער פון ארץ־ישראל האבען זיך ניט פארנומען מיט קיין קאלאניזאציע. פיעל האבען פארביטען דאס מדבר־לעבען אויף דעם שטאדטישען און האבען פארנומען פארשיידענע רעגירונגס און מיליטערישע שטעלעס, זיינען געווארען רעליגיאנס־אויפפאסער און גרויסע גוט־באזיצער. פון זיי קומען ארויס די מייסטע שטאדטישע מוסולמאנישע איינוואוינער און די רייכע עפענדים פון אונזער צייט. פארשטעהט זיך, מיט'ן צומיש פון פארשיידענע מאנגאלישע און אייראפעאישע עלעמענטען, וועלכע האבען פון צייט צו צייט אויסגעשפרייט זייער הערשאפט איבער'ן לאנד. נאר א קליינער טייל פון די אראבער־עראבערער האט זיך אויסגעמישט מיט די פאלאכען. די צאהל פון סאנייער, וועלכע ריידען אראביש און וואוינען אין די שטעדט פון מערב ארץ־ישראל איז פילייכט ווייניגער פון 200 טויזענד פון די 320 טויזענד שטאדטישע איינוואוינער; די צאהל פון די פאלאכען סאנייער אין מערב ארץ־ישראל איז מיט 200 טויזענד מעהר און איז 2 דריטעל פון דער אלגעמיינער צאהל פאלאכען וואס וואוינען אין דעם מערב פון ארץ־ישראל.

דער דריטער וויכטיגער עלעמענט אין ארץ־ישראל זיינען די בעדואינער, וואס וועגען זיי האבען מיר שוין פריהער גערעדט. לויט זייער אפשטאמונג זיינען זיי ריינע אראבער און לויט זייער רעליגיע זיינען זיי סאנייער, כאטש זיי זיינען זעהר וויט פון מקיים צו זיין די אלע מצוות, אויף וועלכע די שטאדטישע זיינען זיך אזוי מדקדק. זיי זיינען ארום 150—170 טויזענד אין צאהל. דאס מיינט 20—25 פראצענט פון די די סאנייער אין לאנד.

דריננגען מיר דערפון, אז דער סאנייעשער עלעמענט איז קיינמאל ניט ערשינען אלס איין געאייניגט פאלק און צוליעב זיין ראסען, עקאנא

מישען און קלאַסען צוזאַמענשטעל איז ער ניט גרייט נאָך אַ לאַנגע צייט אַזאַ געאייניגט פאָלק צו בילדען. איך וויל אָבער ניט זאָגען, אַז די סאַנייער זיינען ניט פעהיג פאַרוואַנדעלט צו ווערען אין איין נאַציע. פאַרקעהרט, מען קען זיך משער זיין, אַז צוליעב'ן אויסער'ן דרוק פון די אַנדערע פעלקער און סעקטעס און אויך צוליעב דער דעמאָקראַטיזירונג פון די אינסטיטוציעס און דער פאַרווירקליכונג פון דער נאַציאָנאַל־פּערסאָנעלער אויטאָנאָמיע, וועלען די באַדינגונגען מעגליך מאַכען, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען אַן אַראַביש־סאַנייער נאַציע אין ארץ־ישראל.

דער צווייטער עלעמענט נאָך די סאַנייער איז דאָס אידישע פאָלק, דער צווייטער אין מנין און דער ערשטער אין בנין. צוליעב דער ספּעציעלער טעמע פון מיין בראשור וועל איך זיך ניט אָפּשטעלען אויף דער אַנטוויקלונג פון דעם אידישען פאָלק אין ארץ־ישראל, וואָס האָט צוריקגעקעהרט אַהערצו צו לעבען אַ נאַציאָנאַל לעבען און וואָס בייט זיך מיט אויפגעוועקטע כחות אין לאַנד אַליין און פון די נאַציאָנאַלע כחות פון דרויסען. און דאָ איז דאָס פּלאַץ צו דערמאָנען, אום צו באַשאַפען אַ גאַנצעס בילד, די איבערבלייבאַכטס פונ'ם צווייטען פאָלק, וואָס האָט אין די אַלטע צייט קאָנקורירט מיט'ן אידישען פאָלק און האָט געקעמפט פאַר זיין עקזיסטענץ ביז'ן סוף פון זעקסטען יאָהרהונדערט, איז באַזיעגט געוואָרען און האָט זיין אָרט ניט געלאָזט און איז אין גלות ניט געגאַנגען, די איינציגע עדה  ש ו מ ר ו נ י ם,  וואָס איז געבליבען אויף דער וועלט און וואָס וואוינט איצט אין שכם. אַ קליינע עדה פון אידען־קאַראַאימען האָט זיך ביז אונזערע טעג אויפגעהיט אין ירושלים.

דער אַנדערער וויכטיגער מוסולמאַנישער טייל אין ארץ־ישראל נאָך די סונימען, זיינען די מעטואַלען, וואָס געהערען צו דער כתה שיאיטען. זיי וואוינען אין זייערע דערפער אין צפון פון ארץ־ישראל און איז דרום פון סיריע און אונטערשיידען זיך אין אַלץ פון די סונימען און מישען זיך ניט מיט זיי. לויט זייער אָפּשטאַמונג זיינען זיי קורדען, פערסיאַנער און די אַראַבישע שפּראַך וואָס זיי געברויכען, האָבען זיי איבערגענומען ביי די שכנים. זייער צאָהל אין ארץ־ישראל איז 40 טויזענט נפשות (איצט, צוליעב די נייע גרעניצען, וועט זייער צאָהל פאַרקלענערט ווערען). זיי האָבען אויך קיין נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט, וואָס איז אנערקענט

געוואָרען פון דער פריהערדיגער טערקישער רעגירונג, אבער פאַקטיש זיינען זיי אָרגאַניזירט אין באַזונדערע געמיינדעס אין די דערפער און אין גרופּען אין די שטעט.

די צווייטע גרופּע שיאיטען זיינען די פּערסיער, וואָס זיינען זעהר אין א קליינער צאָהל, א רעפאָרמירטע פּאַראייניגטע געמיינדע איז בהא־אַלאַס געמיינדע, וועלכע וואוינט אין די געגענדען פון עכו און חיפה. די מערבים (פון מאַראָקאָ און אַלזשיר) זיינען ניט קיין שיאיטען און זיי אונטערשיידען זיך אין א סך פּרטים פון די סוניטען און וואוינען באַזונדער אין זייערע דערפער. אין באַזונדערע ישובים וואוינען אויך א הייפעלע אפריקאַנישע נעגערס (אינ׳ם עמק הירדן) די בישאַנקען (לעבען טבריה) און אין באַזונדערע מחנות וואַנדערען אויך די מוסול־מאַנישע ציגיינער. עס דאַרף אויך באַצייכענט ווערען אַלס א גרעסערע געמיינדע די טורקעמאַנער (אינ׳ם עבר הירדן און לעבען קעסאַריע).

גרעסערע מוסולמאַנישע געמיינדעס שטעלען צוזאַמען די טשער־קעסען, וועלכע זיינען אריינגעקומען פון קאַווקאַז, ווען די טערקען האָבען זיי אין לעצטען פערטעל פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט געבראַכט און באַזעצט אין דעם קאָניטראַ געגענט און אויך אַזוי אין גלעד און איי־ניגע אַנדערע פּלעצער. דער צוועק פון דער טשערקעסישער באַזעצונג איז געווען צו באַשאַפען באַשיצונגס־קאָלאָניעס געגען די וואַנדערער פון דער מדבר און די דאָזיגע אויפגאַבע זייערע האָבען זיי גלענצענד אויסגעפיהרט די גאַנצע צייט פון דער טערקישער הערשאַפט. די צאָהל פון זייערע דערפער איז אַרום 15—20 און זייער אַלגעמיינע צאָהל איז 15 טויזענט נפשות. די טשערקעסען צייכענען זיך אויס מיט זייער פלייסיגקייט און קולטורעלען שטאַנד, וואָס איז העכער ווי דער פון די אראַבישע שכנים זייערע, זייער שפּראַך איז טערקיש.

פאַר די מאַטיאַלען, גרעסער אין צאָהל און מעהר אָפּגעזונדערט, זיינען די דרוזען, אָדער ווי זיי רופען זיך אַליין, די „מואחדין“, דאָס מיינט, די גלויביגער אין אחדות הבורא. די דאָזיגע כתה עקזיסטירט אַרום טויזענט יאָהר און שטאַמט אָפּ פונ׳ם לבנון טאָל. לויט זייער ראַסע זיינען זיי סיריער מיט פאַרשיידענע צומישונגען און זייער טיפ איז פאַרשיידען פונ׳ם אראַבישען, כאָטש זיי רעדען אראַביש. זיי וואוינען מייסטענס אין די דרוזישע בערג, וואָס אויפ׳ן חורן און אין צפון פון

לאנד, און איצט, ווען די ארץ־ישראל גרעניצען זיינען אזוי באשרענקט געווארען, וועלען זיי אינגאנצען זיין א קליינע מינאריטעט אין לאנד. זייער אלגעמיינע צאהל איז ארום 150 טויזענט נפשות און אין ארץ־ישראל זיינען זיי נאהענט צו 45 טויזענט. זיי לעבען אלס אן אפגע־טיילטע כתה, מישען זיך ניט ניט מיט די מוסולמענער און ניט מיט די קריסטען און זיי נעהמען אויך ניט אריין קיין גרים. די דאזיגע כתה, וועלכע האט פיל גענומען ביים איסלאם, שטעהט דאך אויסער דער מוסולמאנישער רעליגיע. די צווייטע גרופע, וועלכע האט זיך אפגע־טיילט פונ׳ם איסלאם און שטעהט אויסער איהם, איז די נוצערישע. זיי וואוינען אין די נוצערישע בערג, אין צפון פון סיריען און זעהר א קליינע צאהל פון זיי געפינט זיך אויך אין די צפון־גרעניצען פון ארץ־ישראל.

די קריסטען זיינען צוטיילט אויף פארשיידענע געמיינדעס, וועלכע זיי־נען ניט בלויז באזונדערע רעליגיעזע סעקטעס, נאר זיי זיינען פאראייניגטע נאציאנאל־רעליגיעזע גרופען, וועלכע האבען נאציאנאלע קאנסטיטוציעס, וואס זיינען גוט געהייסען און אנערקענט געווארען נאך פון דער טער־קישער מאכט איבער דער גאנצער אטאמאנישער ממשלה און אין ארץ־ישראל האבען זיי אויך עטליכע אזעלכע נאציאנאלע גרופען. די קריסט־ליכע סעקטעס אונטערשיידען זיך איינע פון די אנדערע ניט נאר מיט זייערע רעליגיעס און פיהרונגען, מיט זייערע איינארדענונגען און אפטמאל אויך מיט זייערע שפראכען, נאר מיט זייער אינערליכער שטרעבונג און זייערע שטאטליכע נייגונגען. די מייסטע פון זיי מיידען אויס בלוט־מישונגען ניט נאר מיט ניט־קריסטען, נאר אויך מיט די קריסטען פון אנדערע סעקטען.

די וויכטיגסטע און גרעסטע אין צאהל קריסטליכע סעקטע איז די רוימיש־ארטאדאקסישע, וואס זייער צאהל אין לאנד דערגרייכט ביז 40 טויזענט. זיי זיינען מייסטענס אן ארטיגער עלעמענט, דאס רוב שטאטישע איינוואוינער, אבער א טייל פון זיי זיינען אויך פאלאכען קריסטען, וועלכע וואוינען אין 20 דערפער בערך. עס זיינען פאראן דערפער, וועלכע זיינען באזעצט איבערהויפט פון א קריסטליכער בא־פעלקערונג, באטש די מייסטע פון זייערע מנהגים און זייערע רעליגיעזע באאמטע זיינען אמת׳ע גריכען. אזא געמיינדע איז אנערקענט געווען אלס א פאלק אויך פון דער טערקישער מאכט ווי די ארמענער און די

אידען. אָן דער שפּיץ איהרער שטעהט דער רוימישער פּאַטריאַרך אין ירושלים מיט אַ באַזונדערען סינאָד. זייער אומגאַנגס־שפּראַך איז אַראַ־ביש. אָבער אין די העברעע קלאַסען פון זייערע שולען ווערט געברויכט גריכיש אַלס לעהר־שפּראַך.

די צווייטע סעקטע אין צאָהל און אין קולטור איז די לאַטיינישע, וועלכע האָט אָבער ניט געהאַט דאָס מזל אָנערקענט צו ווערען פון דער טערקישער מאַכט אַלס פאָלק. די סעקטע איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע עלעמענטען (קאַטוילישע־גריכישע, רוימיש־קאַטוילישע, סיריש־קאַטוילישע און אַרמעניש־קאַטוילישע) און איז פאַראייניגט מיט דער רוימישער פּאַטריאַרכיע, אָבער זי האָט אָפּגעהיט ביז אַ געוויסער מאָס איהר אויטאָנאָמיע, ווי למשל די שפּראַך פון זייערע תפלות א. ד. גל. די צאָהל פון דער דאָזיגער סעקטע אין ארץ־ישראל איז אַרום 35 טויזענט נפשות.

די דריטע קריסטליכע סעקטע זיינען די מאַראָניטען, וואָס זייער צענטער איז אויפ'ן לבנון, און זיינען פאַרבונדען מיט'ן פּאַבסט זינט דעם 16טען יאָהרהונדערט מיט באַזונדערע באַדינגונגען. די דאָזיגע אַלטע סעקטע טראָגט אַ באַזונדער כאַראַקטער, וואָס אונטערשיידט זיך פון די אַנדערע סעקטעס. אין ארץ־ישראל צעהלט זי בלויז 5000 נפשות.

די פערטע קריסטליכע סעקטע איז די פּראָטעסטאַנטישע, וועלכע איז ניט קיין גאָר אַלטע. די פּראָטעסטאַנטען־אַראַבער זיינען די פּרוכט פון דער אַגיטאַציע פון די ענגלישע מיסיאָנערען, די אַמעריקאַנער און די דייטשען, וועלכע האָבען באַוויזען אַריינצוכאַפּען עטליכע טויזענט נפשות, מייסטענס פון די אַנדערע קריסטליכע סעקטעס. אין טערקיי זיינען די פּראָטעסטאַנטען אָנערקענט אַלס אַ קהלה. די צאָהל פון די דאָזיגע פּראָטעסטאַנטען, איינאָפּייער צוזאַמען מיט אַראַבער, דערגרייכט ניט מעהר ווי פינף טויזענט.

די פיפטע סעקטע איז די אַרמענישע, וועלכע צעהלט אַרום 1000 נפשות און איז צוטיילט אויף גרעגאָריאַנער, פּראָטעסטאַנטען און לאַטיי־נער. צו דער זעקסטער, זיבעטער און אַכטער קאַטעגאָריעס געהערען די סיריער־יאַקאָביטען און קאָביטען, וועלכע זיינען ניט פאַראייניגט מיט רוים און די קליינע עדה חבשים. און סך הכל פאַרמאָגען די אַלע דריי סעקטעס אַרום טויזענט נפשות.

איצט וויל איך אונטערציהען אַלע שלוסען, צו וועלכע מיר זיינען געקומען: דער ארץ־ישראל ישוב איז ניט קיין טייל פונ'ם אראבישען, אָדער סירישען פאָלק און שטעלט ניט פאַר מיט זיך קיין גאַנץ פאָלק, נאָר ער איז צוזאַמענגעשטעלט פון עלף פעלקער, פעלקער־סעקטען, אויסער קלענערע סעקטען. 4 פון די פעלקער־סעקטען זיינען מוסולמענער, 5 זיינען קריסטען, איינע — דרוזיש און איינע — אידיש. אַלע ניט מוסול־מאַנישע סעקטעס האָבען אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַלע פיזיאָנאָמיעס און דאָס רוב זיינען זיי אויך אנערקענט אַלס באַזונדערע נאַציאָנאַלי־טעטען. אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַלע פיזיאָנאָמיעס האָבען אויך די שיאיטישע סעקטעס און אויך די סוניטען, וואָס רעדען אַנדערע שפּראַכען ניט אראביש.

וואָס אָנבאַלאַנגט די מוסולמאַנישע סוניטען, וואָס רעדען אראביש און זיינען די גרעסטע אין צאָהל פונ'ם אַלגעמיינעם ישוב, זיינען זיי אויך צוזאַמענגעמישט און צוזאַמענגעשטעלט פון פארשיידענע ראַסען, אַ קאָסמישער שטאָף אין עטנאָגראַפישען באַגריף, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין פאַרענדיגטע נאַציאָנאַלע פיזיאָנאָמיע און וועלכע האָט נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט אַזאַ פיזיאָנאָמיע, כאָטש עס איז ניט אויס־געשלאָסען אין דער נאָהענטער, אָדער אין דער ווייטער צוקונפט, זאָל אַזאַ פיזיאָנאָמיע יאָ באַשאַפען ווערען.

און דערפון דרינגען מיר, אַז דערווייל איז נאָך נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין געאייניגטער נאַציאָנאַלער אראבישער באַוועגונג צווישען אַלע איינוואוינער פון ארץ־ישראל. די „אראַ־בישע באַוועגונג“, וועלכע פּרעטענדירט צו זיין נאַציאָנאַל, איז מעהר ני טווי אַ באַוועגונג, וועלכע האָט זיך געשאַפען נאָר אין געוויסע שיכטען, צווישען די רייכע גוט־באַזיצער, די עפענדים א. אז. וו. די דאָזיגע באַוועגונג איז געצילט ניט בלויז געגען די אידען, נאָר אויך די אַרבייטער שטאַנדען פון זייער אייגענעם פאָלק און פון אַלע אַנדערע פעלקער און סעקטעס. די דאָזיגע, וועלכע מאַכט איצט אַ פאַרזוך צו שטיצען זיך אויף אַלע עלעמענטען, וואָס רעדען אראביש, וועט לאַנג זיך ניט קענען האַלטען אויף דעם פונקט, מחמת אין איהר גרונט איז זי ניט מעהר ווי אַ באַוועגונג פון איין שטאַנד, פון איין קלאַס, דעם באָדען־באַזיצערישען, סוחר'ישען און אין גרונט פון איהר שטרעבונג איז זי געגען די פעלקער

און סעקטען, וועלכע געהערען ניט צו דער מעהרהייט פון די איצטיגע סוניטען, ניט קוקענדיג אויף דעם אל־אראבישען, נאציאנאלען מאנטעל, אין וועלכען זי האט זיך אנגעקליידט.

אין געגענטייל איז דא א באדען און א צוקונפט פאר פארשיידענע נאציאנאלע באוועגונגען אין די גרעניצען, אין וועלכע די באזונדערע נאציאנאלע גרופען זיינען איינגעצווימט און עס איז נאך געבליבען א ברייט פלאץ צו פאראייניגטער טעטיגקייט פון אלע פעלקער־סעקטען אין דער ראם פונ׳ם אלגעמיינעם פאטערלאנד, ארץ־ישראל, וועלכע געהערט גלייך צו די אידען און צו די אלע דערמאנטע פעלקער און ראסען.

אזעלכע נאציאנאלע באוועגונגען, וועלכע וועלען זיך דערוועקען אין יעדען פאלק באזונדער, אויף וויפיל זיי וועלען זיך שטיצען אויף די ארבייטער, און ארויסוואקסען פון די אינטערעסען פון די ארבייטער קלאסען פון יעדען פאלק, דארפען אויך דינען פאר א פונדאמענט צו לייזען די אינטערנאציאנאלע באציהונגען צווישען די ארץ־ישראל׳דיגע פעלקער.

.6

און איצט וועלען מיר רעדען וועגען אונזערע באציהונגען, די באציהונגען פונ׳ם אידישען ארבייטענדיגען פאלק, ניט צו דער „אראבישער באוועגונג” פון איצט, וועלכע איז ניט נאציאנאל און האט ניט קיין געזעלשאפטליכען אינהאלט, נאר וועגען אונזערע באציהונגען צו די פארשיידענע ניט אידישע פעלקער, וועלכע וואוינען אין ציון.

די דאזיגע באציהונגען דארפען זיך שטיצען אויף אונזערע נאציאנאלע אינטערעסען, ד. ה. אויף די אינטערעסען פונ׳ם אלוועלטליכען אידישען ארבייטער־קלאס פון איין זייט און פון די לאנד־אינטערעסען פון אלע ארבייטער פון לאנד, פון דער צווייטער זייט.

אין אלגעמיינעם דארף געזאגט ווערען, אז די דאזיגע אויפגאבע פעסטצושטעלען די באציהונגען צו אונזערע שכנים, די פעלקער וואס לעבען מיט אונז צוזאמען אין לאנד, האט נאך ניט געפונען ביי אונז די געהעריגע אויפמערקזאמקייט און די פערזאנען וואס זאלען זיך מיט איהם באשעפטיגען.

מיר רעדען ניט וועגען די דאזיגע באציהונגען אין היסטארישען זין. דער אלטער ישוב האט זיך אין פארלויף פון הונדערטער יאהרען געפונען

אונטער דער טערקישער הערשאפט און אין פארגלייך מיט די מוסולמאנער איז ער באטראכט געווארען ווי א פאלק פון א נידעריגערער מדרגה. די באציהונג צום אראבער אין יענער צייט איז געווען גלייך צו דער באציהונג פונ׳ם איינציגען שעפעלע, וואס איז געפאנגען צווישען זיבעציג וועלף. אבער אויך אפילו דערנאך, ווען דער צושטאנד האט זיך געביטען א דאנק דעם, וואס די טערקישע מאכט איז איבערגעאנדערש געווארען און האט אנגענומען אן אייראפייאישע קאנסטיטוציאנעלע פארמע, אויך צוליב דעם וואס אייראפייאישע באגריפען האבען אנגעהויבען אריינצודרינגען אין ארץ־ישראל און א דאנק דעם וואס די צאהל אידען אין לאנד האט גע־נומען וואקסען, — אפילו נאכדעם זיינען נאך ניט איינגעשטעלט געווא־רען נארמאלע באציהונגען, ווי עס דארפען זיי צווישען שכנים.

און איצט ווילען מיר זעהן פעסטצושטעלען אונזערע באציהונגען, די באציהונגען פונ׳ם ארבייטענדיגען אידישען פאלק, ניט צו דער „אראַ־בישער באוועגונג" פון איצט, וועלכע איז ניט קיין נאציאנאלע און האט אין זיך קיין געזעלשאפטליכען אינהאלט, נאר צו די פארשיידענע ניט־אידישע נאציאנען און ראסען, וואס באזעצען דאס לאנד.

די דאזיגע באציהונגען דארפען גענומען ווערען פונ׳ם שטאנדפונקט פון אונזערע אייגענע נאציאנאלע אינטערעסען און אויך פון דעם לאנדס אינטערעסען, דאס מיינט, אז מיר דארפען אין זינען האבען די געמיינזאמע אינטערעסען פונ׳ם ארבייטענדיגען שטאנד אין לאנד.

אין אלגעמיין דארף באמערקט ווערען, אז די דאזיגע אויפגאבע, פעסטצושטעלען די באציהונגען צו אונזערע שכנים, צו די פעלקער, וואס לעבען צוזאמען מיט אונז אין לאנד, האט נאך ביי אונז ניט געפונען די ריכטיגע אפשאצונג, וואס זי פארדינט.

מיר רעדען ניט וועגען די היסטארישע באציהונגען אין היסטארישען זין. דער אלטער ישוב האט זיך באגעגענט מיט׳ן אראבישען הערשער, באאמטען און בירגער אין משך פון הונדערטער יאהרען אונטער דער שטארקער טערקישער מאכט און איז אלע מאל פארערבענט געווען פאר אן עלעמענט פון צווייטען ראנג. די באציהונג פונ׳ם ישוב איז דאמאלסט געווען ווי פונ׳ם איינציגען שעפעלע, וואס איז געפאנגען צווישען זיבעציג וועלף. אבער אפילו דערנאך, ווען דער צושטאנד האט זיך געביטען, א דאנק דעם וואס טערקיי האט זיך אנטוויקעלט און האט אנגענומען

די אייראפעאישע קאנסטיטוציאנעלע רעגירונגס פארם, אפילו דערנאך זיינען ניט איינגעשטעלט געווארען קיין נארמאלע, שכנ׳ישע באציהונגען.

דער שטאטישער איד פונ׳ם אלטען און אויך פונ׳ם נייעם ישוב האט זיך באגעגענט מיט׳ן אראבישען קרעמער און הענדלער פון איין זייט און מיט׳ן פאלאך, דעם אראבישען ערד־ארבייטער, ביי וועמען ער האט געקויפט עסענווארג, פון דער צווייטער זייט. דער אידישער פויער, דער קליינער גוטבאזיצער האט נאך אלס צוגאב געזעהן אין דעם אראבער דעם טאג־ארבייטער, וועלכער פארקויפט איהם, אויסער די פארשיידענע עסענס, אויך זיין ביליגע ארבייט.

די מערסטע אנפיהרער פון דער אידישער קאלאניזאציע האבען זיך באגעגענט מיט׳ן רייכען עפענדי, דעם גוטבאזיצער און אויך מיט׳ן טער־קישען און אראבישען באאמטען און במילא האט ביי זיי אנגענומען די גאנצע פראגע וועגען באציהונגען מיט די אראבער א באגרענעצטע פארמע, וואס האט זיך אפגעשטעלט בלויז ביי קויפען באדען. די פראגע פון קויפען באדען איז טאקע זעהר א חשוב׳ע, אבער זי איז בשום אופן ניט די איינציגע אין אונזער ארץ־ישראל׳דיגען ישוב. די פראגע וועגען די נארמאלע באציהונגען, וואס זאלען העלפען בויען דאס לאנד, זיינען אינ־גאנצען פארנאכלעסיגט געווארען.

אפט האט זיך בולט ארויסגעזעהן דער געוואלדיגער אבסורד פון דער דאזיגער פארנאכלעסיגונג. למשל, אין חורן האט בארא[ן] ראטשילד געקויפט 80 טויזענט דונאם באדען און איצט איז שוין אריבער 40 יאהר זייט דער באדען איז אידישער און קיין איד איז נאך דארט ניטא. פאר־וואס? ערשטענס איז די טערקישע מאכט געווען געגען דעם מסחר און צווייטענס, און דאס איז וויכטיגער, עס זיינען ניט געמאכט געווארען קיין פארזוכען איינצושטעלען נארמאלע פריינדליכע באציהונגען מיט די מעכטיגע אראבישע איינוואוינער.

און אפילו שוין אין דער שפעטערדיגער תקופה, נאכדעם ווי די ענגלענדער האבען איינגענומען דאס לאנד, האט מען ניט געזוכט דעם פעלער צו פארבעסערען. פארקעהרט נאך, עס זיינען געמאכט געווארען פיעל נייע פעהלערען אין דער דאזיגער איבערגאנגס עפאכע. די ציוניס־טישע קאמיסיע, למשל, וואס איינע פון איהרע אויפגאבען איז געווען צו העלפען איינצושטעלען פריינדליכע באציהונגען צווישען די אידישע

און ניט אידישע איינוואוינער, האט גאר ניט אויפגעטון אין דער הינזיכט. עס זיינען אויסגעבראכט געווארען גרויסע סומען צו פערשפרייטען איינפארמאציע וועגען די אראבער און קיין וועג איז ניט אנגעצייכענט געווארען ווי צו פארבעסערען די באציהונגען אין דער צוקונפט.

אין דער לעצטער צייט זיינען געמאכט געווארען פראקטישע פארזוכען פון איינצעלנע פערזאנען פעסטצושטעלען האנדעלס־באציהונגען מיט די אראבישע שכנים, אבער דאס איז געטאן געווארען פון יחידים, פאר זייערע פריוואטע אינטערעסען. אמאל קענען זיי העלפען און אמאל קענען זיי שאדען ברייגגען, ווייל זיי האבען ניט קיין נאציאנאלען קאנטראל איבער זיך. קיין אלגעמיינער כלל קען דא ניט גילטען.

עס זיינען ווערט באצייכענט צו ווערען אייניגע ערנסטע פארזוכען פון אן אנדער מין און דאס איז געווען דאס שאפען פון געמיינזאמע ערציהונגס אנשטאלטען פאר אראבישע און אידישע קינדער און דאס פארשפרייטען די העברעאישע שפראך צווישען די שכנים.

און וואס אנבאלאנגט די באציהונגען פון די פויערים און די אידישע גוטבאזיצער צו די אראבער, וואס זעהען אין די פאלאכען בלויז ביליגען מענשליכען מאטעריאל צום עקספלאאטירען, דארף עס אונטערגעשטראכען ווערען, אז זייערע אינטערעסען זיינען ניט נאר אין געגנערשאפט צו די אינטערעסען פון די עקספלאאטירטע אראבישע ארבייטער, נאר צו די אינטערעסען פון דעם אידישען ארבייטער. זייער באנוצען זיך מיט׳ן ביליגען אראבישען ארבייטער גיט ניט די מעגליכקייט דעם אידען צו ארבייטען און איז אויך א שטערונג צו דער אנטוויקלונג פונ׳ם ישוב, ווייל די ביליגע ארבייט קען ניט ברייגגען פארוועגען דעם ישוב.

די אינטערעסען פונ׳ם אידישען ארבייטער און דעם אראבישען זיינען דיזעלבע און דאס באוויזט, אז די געגנערשאפט צום אידישען ישוב מצד די אראבער קומט ניט פון די אינטערעסען פונ׳ם אראבישען ארבייטער, נאר פון דער קאנקורענץ, וואס ווערט געשאפען פון די גוטבאזיצער. דער פאלאך דארף ניט און קען ניט זיין געגען דער אידישער איינוואנדערונג און ניט געגען דער אידישער ארבייט, ווייל דער אידישער ישוב בויט זיין צוקונפט ניט אויף דעם פאלאכס חורבן, נאר אויף זיין מעהר באפעסטקייט אין לאנד.

ביז איצט איז נאָך ניט געמאכט געוואָרען קיין פאַרזוך צו לייזען די פראגע וועגען די באַציהונגען מיט די אראבער אויפ׳ן יסוד פון די געמיינזאמע אינטערעסען, וועלכע עם האָבען די אראבישע און די אידישע ארבייטער. און דאָס דארף נאָך מיין מיינונג טאָן די אלגעמיינע ארבייטער פאראייניגונג, ווארום דאָס איז דאָך ניט קיין פאָליטיש־פּאַרטייאישע פראגע, נאָר אזעלכע וואָס ריהרט אָן דעם גאנצען ישוב און איבערהויפּט דעם ארבייטער־קלאַס אין ארץ־ישראל.

וואָס ס׳זאָל זיין די ממשות׳דיגע לייזונג און וואָס די פּראַקטישע טאַטען זאָלען זיין, איז מאטעריאל פאַר א באזונדערער אפּהאנדלונג, וועלכע איז שוין אויסער די גרעניצען פון דער בראָשור.